חלום עליכם !

פאַר אייך אַ מתּנה,

סיליע, אפרים און דעב.

# חלום עליכם

## שפּיל און לידער

פון

**אלף כּץ**

פארלאג מודינת יידיש ניו יארק

# DREAMS BE WITH YOU

**(Cholem Aleichem)**

**Play & Poems**

By Aleph Katz



שערבלאט געצייכנט פון נאָטע קאָזלאָווסקי

הויפט פאַרקויף ציקאָ ביכער פאַרלאַג
25 East 78 Street, New York 21, N. Y.




***Printed in the U. S. A. by***
**Shulsinger Bros. Linotyping & Publishing Co.**
**21 East 4th Street, New York 3, N. Y.**

253

# אינהאַלט



## דאָס ערשטע וואָרט



## מעשיות פון היינט און פון נעכטן



## דאָס פיסטערן לאָשיקל



## חלום עליכם

## אַנדערע ביכער פון אלף כץ

(1) אַ מעשה פון ים
און אַנדערע לידער, ניו־יאָרק, 1925

(2) אַקערצייט,
אַ זאַמלונג לידער, ניו־יאָרק, 1929

(3) דאָס טעלערל פון הימל
פּאָעמע, ניו־יאָרק, 1934

(4) פון א׳ ביז ת׳,
קינדער־ליד, ניו־יאָרק, 1939

(5) אַמאָל איז געווען אַ מעשה,
לידער, ניו־יאָרק, 1944

(6) גוט מאָרגן, אלף; פּורים־שפּיל און יאָסעלע:
צוויי שפּילן און אַ מעשה, ניו־יאָרק, 1950
(פּרעמירט מיט אבעל שאבאן פּרעמיע
פון יידישן קולטור־קאָנגרעס, 1955)

•

ווער עס וויל אויפפירן **חלום עליכם** אָדער אינסצעניזירן
די אַנדערע לידער, ווערט געבעטן צו שרייבן צום מחבר
אויף דעם אַדרעס:


**ALEPH KATZ**

**152 East 22nd Street**

**New York 10, N. Y.**

# יידיש ליד

יידיש ליד,
זיד!
שריי — ניט ווער אַנטשוויגן.
זינג מיט יעדן אות און גליד,
וויין — און זינג דיין ניגון.

וויינען מוזטו, ס'איז פאַרפאַלן,
ס'איז אַ קלאָג אין דיר פאַרזייט:
צען מאָל ששים רבוא גאַלן
ברענען אין דיין אינגעווייד.

צען מאָל ששים רבוא שטאַמען
רופן, מאָנען: „ניט פאַרגעס!"
היל זיי איין אין דיינע פלאַמען,
אין די שורות פון דיין נס.

ביסט דער יורש פון די רופן —
טראָג פאַנאַנדער דאָס געשריי.
גיב די קולות — ווערטער, גופן,
טראָג פאַנאַנדער זייער וויי.

ביסט אַ קרוב פון נביאים,
אין דיין חורבן טרייסטונג בליט —
וויין דעם וויי, נאָר זינג פון קיום,
כי לכך נוצרת, ליד.

אָקטאָבער, 1945

# דאָס ערשטע וואָרט

# I

עס פירט מיך ביי דער האַנט אַ ליד

# דאָס ערשטע וואָרט

דאָס ערשטע וואָרט איז אַ מאָרגנשטערן,
די כישוף־טיר צו אַ לעגענדע,
דאָס מויל פון אַ קנויל,
וואָס זוכט זיין באַהאַלטענע ענדע.

דאָס ערשטע וואָרט איז אַ גרינער צונג
פון אַ זערנע אין טיף פון דער ערד,
אַ גרינער רוף צו דער גאָלדענער זאַנג,
וואָס אים איז באַשערט.

דאָס ערשטע וואָרט איז די שוועל פון אַ נס,
דער צעפּראַל פון אַ טויער,
דער פּרוזדור פון פרייד,
און דער אָנהייב פון טרויער.

מאַי 1945

## שלאָג דעם שטיין

שיק אַ שטראַל פון דער מחשבה דורכן נעפּל,
שלאָג דעם שטיין פון שווייגעניש
און עפן־אויף זיין מויל
צו רעדן ביז די העטסטע, ביז די לעצטע צייטן.
נעם אַ וואָרט
און שפּאַלט דערמיט דעם ים פון חושך,
און לאָז זיך וואַנדערן דעם מדבר־וועג דעם וויטן
צום צוגעזאָגטן לאַנד פון די פאַרהוילנסטע באַדייטן.

מאַי 1945

# דער גאַסט

ער קומט אַריין פון ערגעץ־וואו
און גייט מיר זיינע פליגל צו;
ער רעדט צו מיר מיט גרינע רייד
און מאַכט פון זיי פאַר מיר אַ קלייד;
ער גיט די ליפּן מיר אַ ריר
און זינגט אַריין אַ ליד אין מיר.

נאָר ווען ער גייט אַוועק, פאַרשווינדט,
ער לאָזט מיך איבער נאַקעט, בלינד,
אין חושך פון אַ הייל צו גיין
מיט הונגער אין מיין גאַנץ געביין
נאָך יענעם אויסטערלישן שיר,
וואָס ער האָט אויפגעוועקט אין מיר.

איך גיי מיט ציטערדיקן טראָט
און זוך דעם זינגענדיקן סוד —
דעם משל פון אַ וויטער וועלט —
וואָס ער, דער גאַסט, האָט מיר באַהעלט
און אָנגעטרויט אים מיר איך זאָל
פאַנאַנדערזינגען מיט מיין קול.

ווען פון דער הייל וואָס אין מיין הויז
איך קום פון פינצטערניש אַרויס,
עס פירט מיך ביי דער האַנט אַ ליד,
נאָר ווייסן ווייס איך קיינמאָל ניט
צי האָט דאָס ליד, וואָס איך געפין,
דעם אָנפאַרטרויטן וואונדער־זין.

מאַי 1957

# וואונדער־וואָרט

דאָס ליד איז נאָך ניטאָ אויף דעם פּאַפּיר,
וואָס שלומערט ווי אַ שניי-דעק אויף אַ פעלד;
עס וואַרטן נאָך די ווערטער אויף באַריר
צו קומען אין דער אויסגעדאַכטער וועלט.

דער דיכטער אָבער פיבערט שוין אין טאָל
און זעט פון ווייט דאָס אומבאַקאַנטע לאַנד,
וואָס שיקט באַפעלעריש אַ נאַקעט קול
און רופט אים קלעטערן די הויכע וואַנט.

נאָר ויסן ווייסט ער אַז אומזיסט דער זוך:
ניטאָ אין ערגעץ ניט אַזאַ מין בוך
צו לערנען און פאַרענטפערן דעם פרעג
און וויזן אים אַהין דעם קלאָרן וועג —
ביז עס גיט זיך ניט אַ ריר פון אָרט
דער בליץ פון אומדערוואַרטן וואונדער-וואָרט.

יאַנואַר־פעברואַר 1956

# ניגון

גיריק, פיבערדיק און שאַרף,
וואַרטן סטרונעס פון דער האַרף,
אַז מען זאָל זיי נאָר אַ ריר טאָן,
מיט די פינגער איבער זיי אַ פיר טאָן,
ווייל צו־לאַנג זיי האָבן שוין געשוויגן,
און זיי בענקען־בענקען נאָך אַ ניגון.

נאָר אַליין, אין ווייטער פרעמד,
מיט אַ האַרץ, פאַרשטאַרט, פאַרקלעמט,
אַ פאַר׳משפּט׳ער צו שטומען,
זיצט דער שפּילער, קען צו זיי נישט קומען;
קוקט אַרויס פון תּפיסה דורך שפּאַרונעס,
און די פינגער בענקען צו די סטרונעס.

און דער ניגון ערגעץ־וואו
איז אַ וואַנדערער אָן רו,
שוועבט אַ נאַקעטער אָן פליגל,
אָן אַ שאָטן; וואָגלט, זוכט אַ שפּיגל,
זוכט אַ נעסט; געבוירן ווערן וויל ער,
האָפט און וואַרט אויף נס פון האַרף און שפּילער.

און אויך איך, דער זינגער דאָ,
קוק אַרויס אויף יענער שעה.
און איך וויים, אויך איר די שטילע,
טיף אין האַרצן מורמלט איצט אַ תּפילה
פאַר דער האַרף, דעם שפּילער און דעם ניגון —
ווייל אויך איר, אויך איר האָט לאַנג געשוויגן.

מאַי 1954

## די זוכער פון שיינקייט

דער הימל געווען איז אַ טיפער, אַ בלויער,
געפינקלט אין אים האָט אַ יונגער דער טרויער
פון בלויע חלומות און שאָטנס פון לידער,
וואָס האָבן אַרומגעשפּאַצירט אין דער נידער.

מען האָט זיך געגרייט צו אַ וועג צו אַ ווייטן,
מען האָט זיך געלערנט אויף ווערטער צו רייטן,
און מיט קיכאָטישן ריטעם געריטערט
אויף שורות וואָס האָבן אין לידער געציטערט.

דער גרויער אַרום איז געווען פאַרצויגן
מיט אָפּגלאַנץ פון פייער אין ליכטיקע אויגן,
און ווייכער געמאַכט האָט אַ גרין־בלויער שאָטן
די האַרטקייט פון שטיין, וואָס דער פוס האָט באַטראָטן.

מען האָט זיך געטוליעט, געטיילט מיט די וואונדער,
און דאָך איז איעדער געגאַנגען באַזונדער,
געפילט אַז ער מוז מיט די אייגענע פינגער
זיך דראַפּען אַרויף צו דעם באַרג פון די זינגער.

די שמחה פון וואָרט האָט די הערצער געוואָרעמט
מיט שטראַליקער שטילקייט, ווען אַלץ האָט געליאַרעמט,
און ס׳האָט דער בעל-תכלית, פאַרטאָן אין זיין חומר,
געלאַכט פון דער באַנדע לאַנג-האָריקע טרוימער

און חוזק געמאַכט פון די יונגע נאַראָנים,
וואָס גייען אַרום אָן אַן עול, ווי בטלנים;
ווייל בלינד איז געוועזן זיין האַרץ צו געגנענען
צו קענען די זוכער פון שיינקייט דערקענען.

צו וויסן דעם האַרצוויי פון זוכן די ווערטער,
וואָס שוועבן אַרום אין אַ וועלט אַ באַשערטער,
די שמחה פון שרייבן די ווערטער אויף בלעטלעך
צום ניגון געבראַכטן פון היימישע שטעטלעך.

און ווען ס׳האָט די נאַכט זיך געשטאַרקט און פאַרשלונגען
די זוכער, וואָס האָבן דעם ניגון געזונגען,
זיי האָבןביים ליכט פון דעם ניגון געקליבן
די ווערטער פון שטויב און פאַרשריבן, פאַרשריבן.

געוועזן אויך אַזעלכע וואָס זיינען ווי ציגן
געפאַלן, ווען אויסגעוועפּט האָט זיך דער ניגון,
געבליבן אין מויל מיט אַ מע מיט אַ פרומען
איידער עס זיינען די ווערטער געקומען.

די וועגן וואו ס׳זיינען די זוכער געגאנגען,
זיי זיינען איצינד שוין פארהוילן, פארהאנגען,
פארשאטנט מיט שטויב פון צעקרישלטע יארן,
וואס זיינען אן רחמים צעמאלן געווארן.

פארביי אויך, פארלאשן — אין אייביקן קלעם פון
די מילשטיינער הימל און ערד — איז דער ברען פון
פאר׳עקשנ׳טע הערצער, וואס האבן געלויכטן
מיט ליכטיק געזאנג אין א טאל א פארדויכטן.

געבליבן איז אבער דער בארג דער באגערטער,
וואוהין נאכאנאנד, אויף די פליגל פון ווערטער,
עס זיינען דורך שטויב פון פארפלויגענע יארן
די זוכער פון שיינקייט פארטראגן געווארן.

די שיינקייט פון אלץ וואס זיי האבן געפונען,
דאס ליד וואס זיי האבן מיט ווערטער געשפונען,
ברענען אין בארג מיט א ליכט א ניט־היגן,
וואס ברענט און וואס ווערט ניט פארברענט אין דעם ניגון.

דעצעמבער 1956

# וויכוח

ניין, ביסט נישט גערעכט.
עס זינגען שטערן דורך די נעכט
אַפילו אין מדבריות פון זאַמד און שטיינער,
וואו קיינער הערט זיי נישט און זעט זיי נישט,
און עס פאַרנעמט נישט קיינער דאָס געזאַנג
פון זייער זילבערנער אַנטפלעקונג.

און אַפילו ווען זיי זינגען
איבער שטעט פון טויזנטער נשמות,
צו וועמען, פרעג איך, ווינקען זיי דעם סוד?
אַז קיינער קען דאָך גאָרנישט זייער לשון,
און די וואָס האָבן עס אַמאָל געקענט,
ביי זיי איז דער פאַרשטאַנד
שוין לאַנג פאַרברענט און אויסגעלאָשן.

עס שרייט דער ים און טורעמט זיך,
ווען שטורעם גראָבט אים די געדערים.
צו וועמען, פרעג איך, רופט ער?
צו וועמען וויינט ער זיין מאַוימדיק געוויין?

וואוהין — מיט טויזנט מיילער —
מוילט דער ים זיין כוואַליעדיק געשריי
און רייסט די לופט מיט זיין צערייצטן אוי־רים,
ער, וואָס איז אַליין
אַן אָנגעווויינט געוויין פון דורות?

דער פויגל אין זיין פלי פון לאַנד צו לאַנד,
וואָס שוועבט מיט לידער אין זיין האַלדז
פאַראייניזאַמט אין די הימלען
צו אַ וויטער נעסט, וואָס דאַרף ערשט ווערן נס,
פאַלט ער דען אַראָפּ,
ווען זיינע פליגל ווערן פלוצעם פרעמד און מיד,
פאַרוואַרפט ער זיין געזאַנג,
פאַרלירט ער דען זיין ליד?

און יענער באַרג, אַנטקעגן אונדזער פענצטער,
וואָס קוקט צו אונדז אַהער און שווייגט,
שווייגט ער דען? איז ער דען שטום?

ער שטייט אַ נאַקעטער, פאַרזונקען אין זכרונות,
און פילט אויף זיך די הייסע טריט
פון שאָטנדיקע וואַנדערער אין עבר אין דעם וויטן,
ער ציטערט־אויף פון דעם באַריר
און קליידט זיך אָן מיט גרינקייט
פון צעשטראַלטע צייטן.

און ווען דער חלום — וואָס דער וועבער, דער זכרון, וועבט —
ווערט אויס, פאַרשווינדט,
הערסטו דען נישט ווי עס ברומט אין ווינט
נאָך אַלץ דער אַלטער באַרג און מאָנט ביים טויבן טאָל
די יונג־צעצוווייגטע פּראַכט פון זיין פאַרגאַנגענעם אַמאָל?

די שטערן און דער ים און יענער ווייטער באַרג,
דער פיש, דער האָז, דער לייב, דער בוים,
דאָס קלענסטע גרעזל ביי דעם ברעג פון פעלד,
דער פויגל און די מילב, די גריל,
און אַלץ וואָס לעבט און ליידט און וויל און וויל און וויל...
זיי האָבן אַלע איין באַגער,
זיי זיינען אַלע איך און דו און ער.

און אַלע זינגען איין געזאַנג,
און אַלע וויינען איין געוויין,
און וועלן ווייטער זינגען, וויינען,
פרעגן איין געפרעג —
ביז צום סוף פון אַלע טעג,
ביז צום סוד פון אַלע טעג.

מערץ־יולי 1955

# גיי פאַרשטיי

גיי פאַרשטיי, דערגיי אַ זין
פאַרוואָס אַ בלאַט ווערט־אָן זיין גרין
און פאַלט אַראָפּ פון בוים אויף דרערד —
אָן פאַרב, אָן פרייד, אָן ווערט.

ווער רייסט אים אָפּ פון זיסן צווייג
און זאָגט אים: גיי! און זאָגט אים: שווייג!
דערשטיקט זיין שאָרך, לעשט־אויס זיין טרוים
און שיידט אים אָפּ פון מוטער־בוים?

ווי פאָרט זיך דאָס מיט יענעם ערשטן ברי,
מיט ערשטער רגע פון זיין בלי,
ווען ער איז פון דער טראַכט אַרויס אין פיין,
דערזען די זון און אָנגעהויבן ווערן, זיין?
ווען פול מיט קראַפט פון זון און ערד,
ער האָט געקוואָלן און געאָטעמט און באַגערט,
און האָפערדיק געפלאַטערט אין דעם רוים —
ווי ער אַליין וואָלט דאָס געווען דער גאַנצער בוים?

פון וואַנען שטאַמט די קאַרגע מאָס,
דער פּלוצעמדיקער רים? פאַרוואָס,
פאַרוואָס דער איבערבראָך,
ווען יעדער אָדער וואַכט, וויל נאָך
און נאָך, וויל גאַנץ זיין מיט דעם הי?

מע זאָגט ס'איז נאָר אַן איבערגאַנג
און אַז אַ נייער' בלי,
אַן אייביק־גרינער איצט, איז אָנגעברייט
פון יענער זייט פון אייביקייט —
פאַרוואָס־זשע שרייט אַזוי און וויינט
אין רגע פון דעם סוף אַזאַ געשריי,
וואָס ציטערט־אויף די וועלט? וויי, וויי,
ס'איז נישט צום פאַרשטיין,
נישט צום פאַרשטיין.

אַפּריל 1947

# פאַלט אַ שניי

ערגעץ פון דער הייך,
רואיק, שטיל און ווייך,
נאָכאַנאַנד,
נאָכאַנאַנד,
נידערט,
נידערט,
פאַלט אַ שניי און פאַלט
און פאַלט און פאַלט.

דערציילט דער שניי אַ מעשה,
אַ לאַנגע און אַ ווייסע,
רוימט-איין דער וועלט אַ סוד אין אויער,
געבראַכט פון דאָרט, פון הימל-טויער,
צו דער נאַקעטער און שוואַרצער ערד,
וואָס ליגט איצט מיד, פאַרטרויערט און פאַרטרערט.

פאַלט דער שניי און רעדט און רעדט,
די פיצלעך שטילקייט שושקען אַ געבעט,
אַ ליד פון ערשטן וואונדער,
ריין און קלאָר —
יעדער פיצל שטילקייט זינגט באַזונדער,
נאָר הערן הערט מען נאָכאַנאַנד אַ גאַנצן כאָר —
עס נעמט זיך גאָרנישט אויס,
עס נעמט זיך גאָרנישט אויס.

און ווען דער אויער פון דער וועלט איז טויב
צו דעם געזאַנג,
צעוויכערט זיך דער ווייסער שטויב
אין אַ געדריי, אין אַ געדראַנג.

ער דרייט זיך און ער דרייט זיך און ער שטיפט
און הערט נישט אויף צו שרייבן אַ געשריפט
פון אותיות, ווי זילבער־ווייסע צווײַטן,
ביז ער לאָזט זיך אויס,
ווי יעדער מעשה לאָזט זיך אויס —
אינמיטן.

אינמיטן זיין געזאַנג, אינמיטן זיין באַגער,
געבליבן ליגן אויף דער ערד איז ער,
נאָר אונטער יעדן פּוס און אונטער יעדן טראָט —
הער! עס מורמלט נאָך זיין ניט־דערזאָגטער סוד.

פעברואַר 1951

## אין פרדס פון שטויב

עס טרעפט אַז אין **שטויב** ווערט אַנטשלאָפן די **ש**
און פריי אין דעם לאַנד פון איר דרימל,
זי שווימט ווי אַ שיף איבער וואַסערן גרין
צום גאָלדענעם ראַנד פון דעם הימל.

און דעמאָלט צענעמט אירע פליגל די **טויב**
און גיט זיך אַ רים אין די הייכן
צו זוכן אַן אָפּרו פון אייביקן **שטויב**
איידער די שעה שלאָגט אַ צייכן —

אַז ווידער געקומען די שיף איז פון וועג
און האָט איר נסיעה געענדיקט
און רופט זי צוריק צו דעם שטויביקן ברעג,
אַהין וואו איר בענקעניש שטענדיקט.

עס טרעפט אויך עס ווערן אין וואָלקנס פון גרוי
די **ש** מיט דער **ב** ווי פאַרשלונגען,

און דעמאָלט גייט־אויף פון דעם **שטויב** אַזאַ **טוי**
און זינגט ווי עס וואָלטן געזונגען

באַפרייטע פון תפיסות, וואָס האָבן געשמאַכט
אין חושך, געבונדן אין ענגשאַפט,
און פלוצעם זיי וואָלטן צעשמאָלצן די נאַכט
מיט זייערע פונקען פון בענקשאַפט.

און ווידער עס טרעפט עס פאַרקליינט זיך די **י**
און טוט זיך אין צמצום באַהאַלטן,
און דעמאָלט פון **שטויב** ווערט דערהויבן און רוט
אַ **שטוב** מיט אַ פנים צעשטראַלטן.

נאָר ווען פון דעם **שטויב** ווערט אַנטרונען די **ט,**
כאָטש טרעפן דאָס טרעפט זיך גאָר זעלטן,
עס טוט אונדז באַווייזן דער אותיות־נס
די **שויב** צו פאַרבאָרגענע וועלטן.

יאַנואַר 1957

# אַ בלעטל פליט אין ווינט

**אַ בלעטל פליט אין ווינט:**
**דער זומער־טאָג פאַרשווינדט:**
**דער בוים הייבט־אָן זיין נאַקעטקייט פאַרשטיין:**
**דער צער פון ויסן וויינט אַ גרויס געוויין.**

**דער זומער־טאָג פאַרשווינדט:**
די זון וועט ווערן בלינד:
דער הימל וועט פאַרשווימען טיפער אין זיין ראָד:
די ערד וועט ווערן הויל — אַן אָפּגעשיילטער סוד.

**דער בוים הייבט־אָן זיין נאַקעטקייט פאַרשטיין:**
דאָס האַרץ גייט־אויס פון בענקשאַפט נאָך אַ נייעם מיין:
די אָפּגעפליקטע צווייגן בעטן רחמים קעגן שפּאָט:
דער וואָרצל רופט פון טיפעניש צו גאָט.

**דער צער פון ויסן וויינט אַ גרויס געוויין:**
דער סוף צעפּראַלט אַ טויער צו דעם אייביקן אַליין:
אין ווי־געשריי פון זקן וויינט דאָס קול פון קינד:
אַן עלנט בלעטל פליט, אַ בלעטל פליט אין ווינט.

יוני 1947

# מעשיות פון היינט און פון נעכטן

# II

איך וועל שוין אָנהייבן מעשיות דערציילן...

ר׳ נחמן בראַצלאַווער

# פּישקע דער שטומער

1

אין אַ שיסל אויפֿן טיש
שווימט אַרום אַ מאָדנער פֿיש,
שווימט און דרייט זיך אין אַ ראָד,
און ער שווייגט אַ טיפֿן סוד.

רונד־אַרום — אַ גאַנצן זומער —
שווימט דער פֿיש אַרום אַ שטומער
שווימט און שווייגט אַזוי כּסדר
און ער זאָגט נישט אויס פֿון חדר.

און וואָס־וויַיטער אַלץ געשווינטער
שווימט דער פֿיש אַוועק אַ ווינטער;
שווימט און האָפֿט אַז נאָך אַ ביסל,
און ער וועט אַרויס פֿון שיסל.

2

נאָר עס גייט אַוועק דער זומער
און דער ווינטער גייט אַוועק —
פּישקע, אונדזער פֿיש, דער שטומער,
שווימט נאָך אַלץ און זוכט אַ וועג
פֿון דער ענגעניש דער רונדער
צו זיין היים פֿון טיפֿן וואונדער.

3

רעדן קאָן ער נישט, נו טראַכט ער
אַ בקשה צום פּאַרפּאַסער.
דיכטער, האָב רחמנות, מאַכט ער,
נעם מיך אין אַ טיפֿן וואַסער.

דאָ איז אומעטיק און ענגשאַפט
און מיין סוד איז אין געפאַנג,
איך וועל אויסגיין דאָ פון בענקשאַפט
אויסצוזינגען מיין געזאַנג.

4

ענטפערט אים דער דיכטער שטיל:
און... איך קאָן טאָן דען וואָס איך וויל?
איך בין אויך, ווי דו, געפאַנגען —
דו אין שיסל, איך אין קלאַנגען.

איך בענק אויך, ווי דו, צום ים,
נאָר נישט שטענדיק לאָזט דער גראַם
אין די טיפענישן שווימען,
אויב איך גיב אים נישט קיין סימן,
אַז מען האָט דאָס מיר באַשערט.

ער שטעלט־אָן אויף מיר זיין שווערד
און ער לאָזט נישט, שטענדיק, פליען,
ווען געדאַנקען ברענען, בריען,
ביז איך ווייז אים נישט קיין צייכן,
אַז מען רופט מיך אין די הייכן.

5

הערט דאָס פישקע און ער טראַכט:
דו וואָס האָסט מיך אויסגעטראַכט
און מיט ווערטער מיך באַשאַפן,
לאָזט זיך פון דעם גראַם פאַרשקלאַפן?

איך פאַרשטיי דאָס נישט, באמת!
ווער איז ווער און ווער איז וועמעס
באַלעבאָס אין דער־אָ זאַך —
גראָם צי שטראָם, צי נם פון שפּראַך?

וואָס באַדאַרפסטו אים דעם גלעקלער?
קאָנסט באַגיין זיך אָן דעם מעקלער,
אָן דעם קלינגער ביי די עקן!
דאַרפסט זיך פאַר אים גאָרנישט שרעקן!

6

אָט אַזאַ מין טיפן רעיון
האָט דער פיש געטאָן טאָןברייען;
און געטראַכט האָט ער די טענה,
אָט־אָ־די געדאַנקען זיינע,
דווקא — הערט נאָר הערט אַ העזה! —
גאָר אין גראַמען, נישט אין פּראָזע.

אָבער לאָמיר זיך נישט שטערן,
לאָמיר בעסער ווייטער הערן.

7

ווען דער דיכטער האָט באַנומען
דעם געדאַנק פון פיש דעם שטומען,
האָט דער כהן און דער כעסן
תיכף אים געוואָלט צעררייסן.

נאָר אַנשטאָט אַ וועזן מאַכן,
האָט ער אָנגעהויבן לאַכן,
לאַכן פון דעם פישלס תמימות,
און געזאָגט האָט ער בנימוס:

8

יאָ, ס'איז אמת, פּישקע לעבן,
איך בין גרייט דאָס צוצוגעבן —
ס'איז דער גראַם דעם דיכטערס צוימער,
ער איז אָבער אויך זיין שומר,
און אַנטפּלעקט אים אַפּט חידושים
נישט-געאַנטע, און פּירושים.

אָפּט גיט ער אַזאַ מין בליץ
און די שורה אַ פּאַרשניץ,
אַז עס נעמען וואַקסן פליגל
ביי דעם דיכטער. און אַ שפּיגל
ווי אַ גליענדיקער ים,
טוט אים ווייזן זינען, זונען,
וואָס אָן כישוף פון דעם גראַם,
וואָלט ער קיינמאָל נישט געפונען!

9

כישוף-שמישוף! פע, נישט שיין!
וואָס פאַררעדסטו מיר די ציין
מיט די אַלע זיבן זאַכן?
הייבט דער פיש אָן חוזק מאַכן
און דעם דיכטער איבערקרימען.

איך האָב — מאַכט ער — ליב צו שווימען
פראַנק און פריי אין טיפן וואַסער!
און... ביסטו טאַקע אַ פּאַרפאַסער,
ווייז דיין כוח קעגן גראַם,
נעם מיך תיכף אין אַ ים!

10

**פישקע ליבער**, ענטפערט שטיל דער
דיכטער אים נאָך אַלץ אַ מילדער,
אַז דו וועסט נישט איבערשלאָגן,
וועל איך דיר אַ סוד איצט זאָגן:
קיין באַפעלן גלאַט און סתם,
כ׳נעם אַפילו נישט פון גראַם!

ס׳איז דער גראַם אַ לץ אַ ביסל
(זאָל נישט זיין אים צו בזיון!)
און וועט אַפטאָן דיר אַ שפּיצל,
אויב דו וועסט אים בלינד געטרויען.

ס׳איז דער גראַם ווי יענער חמור,
וואָס עס ווענדט זיך וואו ער שטייט,
ריפּען, סקריפּען ווי אַ תם, ער
וועט אין ליד פון שענסטע רייד —
סיי מע זינגט אויף זיין פאַרלאַנג,
סיי מע צווינגט אים צו געזאַנג.

11

**הייסט עס**, גיט דער פיש אַ ציטער,
אַז ס׳איז טאַקע שלעכט? ... ביטער?
הייסט עס אַז ס׳איז **אויס**, געענדיקט,
און איך וועל שוין טאַקע שטענדיק,
שטענדיק בלייבן דאָ אין שיסל?

12

**ניין**, מיין ליבער, וואַרט אַ ביסל,
האָט דער דיכטער אים געטרייסט.
ווער קאָן וויסן וואָס עס **הייסט**?
ווער קאָן וויסן בלינדערהייט
וואָס ס׳איז אונדז נאָך אָנגעברייט?

אין דעם גרויסן ים פון ווערטער
וואַרט אַ וואָרט אויף אַ באַריר,
וואַרט אויף אונדז אַ נס באַשערטער,
וואָס וועט עפענען אַ טיר.

און דאָס וואָרט האָט טויזנט טירן,
טויזנט ניסים אין זיין קלאַנג,
דעם פאַרגליווער אויפצורירן,
אונדז באַפרייען פון געפאַנג.

13

ס׳האָט דער דיכטער לאַנג גערעדט נאָך,
מיט די שענסטע רייד פאַרגלעט נאָך
פישקעס אומעטיק געמיט,
איינגעוויגט אים מיט אַ ליד.

נאָר דער פיש — באַטריבט, פאַרקלערט —
האָט אים מער שוין נישט געהערט.
אויסגעליידיקט פון באַגערן,
זיינען אים גערונען טרערן
פון די אויגן נאָכאַנאַנד,
אָנגעפילט די שיסל ביזן ראַנד,
ווי אַ פולן קידוש-בעכער.

און אַ מאָדנע זאַך: וואָס העכער
און וואָס העכער ס׳איז געשטויגן דאָס געוועסער,
איז די שיסל אויך געוואָרן טיפער, גרעסער,
איז געוואָקסן אויך דער פיש כסדר —
ביז דער ים פון טרערן האָט פאַרנומען שוין דאָס גאַנצע חדר.

און איידער נאָך דער דיכטער האָט באַוויזן אָנצוהייבן שטוינען
און געפינען דאָ אַ גוטן גראַם,
אויפגעעפנט האָט דער פיש דאָס מויל און — האַם!
איינגעשלונגען אים ווי ס'האָט אַמאָל אַ פיש דעם נביא יונה'ן.

14

נאָך דער מעשה אומגעריכטער,
לאַנג געלעגן איז דער דיכטער,
איינגעקאַרטשעט און צעמישט,
אין די איינגעווייד פון פיש,
טיף אין לעבעדיקן קבר —
נישט צו רירן מיט קיין אבר.

נישט נאָר דאָס! די גאַנצע זאַך האָט
אָנגעיאָגט אַזאַ מין פּחד,
אים דאָס לשון אָפּגענומען,
צוגעקלעפּט זיין צונג צום גומען.

האָט ער טיף אין זיך אַליין
אויפגעהויבן אַ געוויין —
אָן אַ קול — אַ קלאָג אַ שטילע,
זיך פאַרגאַנגען אין אַ תפילה:

15

לייז מיך אויס, באַשעפער, נעם אַרויס מיך פון דעם אָרט,
וואָס דערשטיקט מיין גאָב מיין טייערסטע — דאָס וואָרט.
ווילסטו טייטן מיך, איז טייט, נאָר נישט אויף האַלב:
אָן דעם וואָרט, בין איך, ווי אָן איר פליי, אַ שוואַלב.
אָן דעם וואָרט, בין איך אַ פיש אָן ים, אָן וואַסער,
אָט ווי דער־אָ פיש, דער שווייגנדיקער שפּאַסער,
וואָס האָסט אָנגעשיקט אויף מיר אַצינד.

אָ, פאַרוואָס די שטראָף אויף מיר? וואָס איז מיין זינד?
בין איך דען אַנטלאָפן פון שליחות, גאָט?
האָב איך דען געזוכט אַנטרינונג פון געבאָט?

16

קומט אַרויס אַ בת-קול, זאָגט,
ענטפערט אויף דעם דיכטערס קלאָג:

יאָ, דו ביסט אַוועק, אַוועק אין ווערטער-ים.
האָסט פאַרלאָזט זיך אַז אַן איינציק וואָרט, אַ גראַם,
זאָל אַ וואונדער דיר, אַ נס באַשערן,
און דערווייל געבליבן איז דער פיש אין טרערן.
האָסט געטרייסט אים מיט אַ לידל אויף דיין לירע,
האָסט געשפּילט זיך און געזונגען שירה,
ווען דער פיש געווען איז אין זיין גרעסטער גרויל!
האָט דער גראַם אַליין געעפנט אים דאָס מויל,
און ער האָט פאַרשלונגען דיך מיט דיין געזאַנג!

17

הייסט עס, מאַכט דער דיכטער אין געדאַנק,
שולדיק איז דער גראַם? . . . אַ מעשה-נורא!
כ׳רוף דעם גראַם צו אַ דין-תורה!

18

ענטפערט אים דאָס קול און זאָגט,
ענטפערט אויף דעם דיכטערס קלאָג:

קיין דין-תורה איז נישט נייטיק.
באַלד אַריבער וועט דיין ווייטיק.

ווען ער האָט דיך איינגעשלונגען,
האָט דער פיש דורך דיר געזונגען,
אויסגעלייזט דורך דיר זיין סוד.

און דער גראַם, דער ליץ, וואָס האָט
דיך אין פיש געטאָן פאַרטאַיען,
וועט פון דאָרט דיך באַלד באַפרייען.

19

ווי דאָס קול האָט אָפּגערעדט
און געוואָרן איז אַנטשוויגן,
אונדזער פיש האָט דעם פּאָעט
באַלד פון זיך אַרויסגעשפּיגן.

און דערנאָך, אין אויגנבליק,
איז אַלץ געגאַנגען אויף צוריק:

ס'האָט דער פיש זיך איינגעצויגן,
ס'האָט די שיסל זיך פאַרקליינט,
ס'איז דער טרערן־ים פאַרפלויגן,
וואָס דער פיש האָט אָנגעוויינט.

און — ווי קיינמאָל גאָרנישט נישט —
אין דער שיסל אויפן טיש
ווידער שווימט דער פיש פאַרטראַכט...
און דער דיכטער וויינט און לאַכט.

אַפּריל־מאַי, 1951

# איציקל ציק

(אַ גריליאַדע)

(א)

איציקל ציק איז אַ צוציק אַ גריל,
נאָר גרילצערן קאָן ער שוין וויפל ער וויל.
ער מוז אָבער גרילצערן איינער אַליין
אין נאַכטיקן גראָזוואַלד, ביים ראַנד פון אַ שטיין.

מען לאָזט אים אין כאָר פון די גרילן נישט זינגען,
מען לאָזט אים אינאיינעם מיט אַלע נישט שפּרינגען,
מען טרייבט אים, מען וויל אים נישט האָבן אין גריל־כאָר,
מען יאָגט אים, מען זאָגט אים: אַן אַנדער איז בילכער.

(ב)

איציקל ציק איז אַנטציקט פון דער נאַכט —
די רו האָט אים באַלד שוין משוגע געמאַכט.
עס גלוסט זיך אים זינגען און ער איז מיט גאַר פול
צו בראָקן די שטילקייט אויף לאָקשן און פאַרפל,
צו זינגען בציבור מיט ציקישע טראַפּן.
אוי־וואַ סאַראַ נאַכט! סאַראַ נאַכט איצט צום גאַפן!

(ג)

איציקל, שפּיציקל, וויציקל ציק
שפּרינגט אַ צעהושטער אַהין און צוריק.
ער שפּרינגט איבער גריבער, פאַרגעסט אין סכנה,
און — פליוכעט אַריין אין אַ פולער לבנה,
וואָס שפּיגלט איר פּנים אין נאַכטיקן וואַסער.

איציקל ווערט אַ צעוויייקטער, אַ נאַסער,
ער ציטערט פון קעלט און פון גרויסן דערשרעק.
דערקוויבערט זיך קוים אַ פאַרצאָגטער צום ברעג.

די פליגל פאַר'חלש'ט — ער האָט נישט קיין קול —
וויינט ער אין זיך און ער טראַכט פון אַמאָל.
ער וויינט אויפן אומגליק וואָס האָט אים געטראָפן,
און מיטן טרויערן ווערט ער אַנטשלאָפן.

(ד)

דער שלאָף איז אַ לאַנד וואו דער חלום ווערט וואָר,
וואו יעדער פאַרלאַנג איז דערגרייכונג'ס אַ פּאָר.

איציקל גיט זיך אַ הייב און אַ שפּרונג,
און גיט אַזש אין פויק פון דעם הימל אַ קלונג,
און בלייבט אַזוי שטיין אַ פאַרבליפטער, פאַרקלערט —
דער קאָפּ אין דעם הימל, די פיס אויף דער ערד.

(ה)

צום כסא-הכבוד ער גיט אַ געשריי אַ געשריי:
„אַלמעכטיקער גאָט, הער מיין וואָרט, הער מיין וויי.
איך, איציקל בן גרילדע, האָב צו דיר אַ טענה,
און קעגן די וועגן פאַרבאָרגענע דיינע.

„דו האָסט מיך געמאַכט פאַר אַ גריל און באַפוילן צו גאַפן,
באַזינגען די שטילקייט מיט גרילישע טראַפן.
טו איך דאָס גערן, דיין וויל איז מיין ווילן,
נאָר האָסט מיך פאַרמיאוסט אין לאַנד פון די גרילן.

„מען וויל נישט מיין ציק און מען לאָזט מיך נישט זשומען
אינאיינעם מיט אַלע, מען וויל מיך פאַרשטומען.

„דעריבער פאַרלאַנג איך, אַז איינס פון די ביידע:
זאָלסט גיבן מיר חן ביי דער גרילישער עדה,
און אויב איך מוז שווייגן און אייביק זיין שטיל —
מאַך מיך אויס גריל!

„ווייל אויב אויפן קול נישט באַשערט איז מיר גאָפּן,
וויל איך אַז זאָלסט פון דאָס ניי מיך באַשאַפן,
כ׳זאָל ווערן אַ גראָז, אַ גראָז צווישן גראָזן,
מיט שטילן געזאַנג, וואָס איז רזי דרזין!״

(ו)

אַזוי האָט ר׳ איציק גע׳טענה׳ט, געצאַפּלט,
זיין קול האָט אַלץ העכער און העכער געשטאַפּלט.

(ז)

„צי־איין דיינע פּיס, שייד זיך אָפּ פון דער ערד!״
האָט פּלוצעם אַ בת־קול פון הימל דערקלערט,
געמאַכט אין דעם הימלשן ים אַ געוויטער.
איציקל האָט אַזש געגעבן אַ ציטער,
געטאָן ווי דאָס געטלעכע קול האָט באַפוילן,
און הענגען געבליבן אין שטוינונג און גרוילן.

(ח)

די נאַכט האָט געגליט און דער הימל געשפּילט
און איציקלס אויגן מיט וואונדער באַברילט.
מען האָט אים געוויזן אַזעלכע מין זאַכן,
וואָס האָבן קיין ווערטער נאָך נישט אין קיין שפּראַכן.
און קולות אַזעלכע האָט ער געטאָן הערן —
דעם גאַנג פון מזלות, געזאַנג פון די שטערן,
דעם ניגון פון שטילקייט אין האַרץ פון דער וועלט,
וואָס קומט אין פאַרבאָרגענע קלאַנגען פאַרשטעלט
און היילט די אַליינקייט פון יעדן באַשאַף:
דעם גראָז אין זיין שאָרך און דער גריל אין איר גאַף.

(ט)

„גאָט, דיינע וואונדער איך קאָן מער נישט טראָגן!"
האָט איציקל קוים־קוים באַוויזן צו זאָגן.
„שיק מיך צוריק, לאָז מיך אָפּ, איך וויל גיין,
דיין סוד איז צו־גרויס פֿאַר מיין קליינעם פֿאַרשטיין!"

(י)

נאָר שיידן זיך איז נישט געווען נאָך די צייט —
דער סוף פֿון דער מעשה געווען איז נאָך ווייט.

(יא)

אַ בת־קול האָט ווידער געגעבן אַ רוף,
אַ פֿינגער האָט אָנגערירט איציקלס גוף,
פֿאַרוואַנדלט זיין ווען אין טוויזנטער איציקס.
און אַלץ איז געשען אַזוי פּלוצעם און בליציק,
אַז איציקלען האָט זיך דאָס קעפּל פֿאַרדרייט.

דאָס הימלשע קול האָט גערעדט ווייכע רייד:
„איציק מיין זון, דיין געבעט איז דערהערט,
נידער אַראָפּ צוריק אויף דער ערד."

(יב)

איציקל הערט, נאָר ער קאָן נישט פֿאַרשטיין
פֿון אַלץ וואָס געשען — דעם פֿאַרהוילענעם מיין.

„וואָס טוט זיך מיט מיר דאָ, וואָס?" מורמלט ער שטיל,
„געווען בין איך איינער און איצט בין איך פֿיל!"
און ווי נאָר ער זאָגט עס, דערהערט ער גאַנץ קלאָר —
די רייד זיינע קומען אַרויס פֿון אַ כאָר.

ער פּרואווט עס אויס ווידער און אָבער אַמאָל,
און ווידער דערהערט ער דאָס כאָרישע קול —
אַ כאָר זינגט די ווערטער פון איציקל גריל:
„געוועזן בין איך איינער און איצט בין איך פיל!"

(יג)

איציקל ציק ווערט אַנטשוויגן און טראַכט,
און שוועבט אַזוי גרינג דורך דער הימלשער נאַכט.

ער שוועבט איצט פון חלום צוריק צו דער וואָר,
מיט פרייד אין זיין וועזן, אין הארצן אַ כאָר.

ער שוועבט מיט אַ חלום צוריק צו זיין וועלט,
צוריק צו דעם גראָזוואַלד אין נאַכטיקן פעלד.

געליטערט, געהייטערט, דערהויבן, אַ גלויבער,
ער קומט־אָן בשלום פון צויבער צו צויבער.

(יד)

ווען איציקל ציק האָט פון חלום דערוואַכט,
עס האָט נאָך געגליט אַ צעשטערנטע נאַכט,
פון שטילקייט צו שטילקייט געצויגן אַ בריק.
און איציקל ציק האָט געגאַפט מיט זיין ציק.

מאַי־יולי 1946

# אַ קו מיט אַן אומעט

## אָדער

### אַ מעשה מיט אַ קו וואָס האָט פאַרלוירן איר מו

(פּאָעמע אין צען סצענעס)

#### ערשטע סצענע

אַמאָל איז געווען אַ קו אויף דער וועלט,
אַ גוטע צופרידענע קו,
נאָר איינעם אַ שיינעם אַ טאָג אויפן פעלד
פאַרשטערט איז געוואָרן איר רו.

געשען איז עס פּלוצעם, ווען זי האָט געזען
דער טאָג איז שוין פול ווי אַ קרוג,
און האָט, ווי ס'איז תמיד איר שטייגער געווען,
געוואָלט אים אַ זינג טאָן אַ מרוק.

האָט זי, ווי געוויינלעך, פאַרזשמורעט די אויגן,
געמאַכט מיט די ליפּן אַ מעם (מ),
פּאַמעלעך און איידל דעם האַלדז אויסגעצויגן
און זיך געגרייט מיט פאַרנעם —

צו מוקען אַ מו צו דעם טאָג, צו דער רו,
צום ליכט אין די גראָזן פאַרבאָרגן...
נאָר שטום איז געבליבן אין האַלדז איר דער מו,
אַזוי ווי פאַרלאָשן, דערוואָרגן.

### צווייטע סצענע

אַ שווייס האָט באַשלאָגן די קו ביז די הערנער,
איר אומגליק געווען איז גרויס —
אין האַרץ האָט געמרוקעט אַ שטאַרקער באַגער, נאָר
קיין מו איז פון מויל ניט אַרויס.

פאַרזונקען אין אומעט, צעקלעמט און פאַרטראַכט,
די קו איז געשטאַנען געפאַנגען,
און האָט ניט באַמערקט אַז אַ טאָג מיט אַ נאַכט
עס זיינען אַזוי־אַ פאַרגאַנגען.

געוויינט האָט די קו מיט איר גאַנצן געביין,
געטרויערט אַ גאַנצן מעת־לעת און —
האָט אַלץ ניט געקענט זיך דערטראַכטן, פאַרשטיין
פאַרוואָס זי האָט פלוצעם פאַרגעסן,

פאַרלוירן דאָס שענסטע וואָס זי האָט פאַרמאָגט,
די קענשאַפט צו מרוקען אַ תפילה,
ווען טיף אין איר האַרצן אַ בענקעניש טאָגט,
אַ פרייד צי אַ טרויער, חלילה.

### דריטע סצענע

נאָר, ווי זאָגט די וועלט, ס'איז ניטאָ אַזאַ אומגליק,
צו וואָס מען געוואוינט זיך ניט צו,
און סוף־כל־סוף שלום געמאַכט מיט איר שטומגליק
האָט אויך די אַנט־מו־איקטע קו.

געפירט האָט זי ווידער, ווי פריער, זיך קיעש,
געגאַנגען דעם קאָפּ אָנגעבויגן,
געבליבן איז נאָר אַזאַ בענקשאַפט, אַ יאוש,
ביי איר אין די ברוינלעכע אויגן.

און כאָטש אונדזער קו איז געווען רויט־געפּלעקט,
אַ לץ האָט — פאַר איר מרה־שחורה —
אַ נאָמען אַ נייעם אויף איר אָנגעשטעקט,
גערופן זי גאָר פּרה־שחורה.

פערטע סצענע

אַזוי איז שוין שטענדיק, ווען עמעצער פאַלט,
ער ווערט נאָך פון חוזק געשטויסן,
נאָר, ווי זאָגט דער זיידע ר׳ מענדעלע ז״ל,
ניט דאָס, ליבע פריינד, בין איך אויסן.

איך וויל אָבער זאָגן: עס ווייטיקט דעם לץ
דער שטאָך פון די אייגענע וויצן —
זיין גורל איז, פונקט ווי עס איז דעם פּאָעטס,
צו ברענען פון אייגענע בליצן.

אַ חילוק איז אָבער, אַ חילוק איז דאָך
פאַראַן צווישן לץ און פּאָעט —
דאָס וואָס דער ערשטער דערגרייכט מיט אַ שטאָך,
דער צווייטער דערגרייכט מיט אַ גלעט.

פונדעסטוועגן ווייס איך און קען זיך געוועטן
דער זאָג וועט מיר קאָסטן אַ סך —
עס וועלן מיך טאַדלען פאַר דעם די פּאָעטן
און לצים מיט זעלביקער שפּראַך.

עס וועט זיי ניט אָנשטיין, ווייל איטלעכער צד
מיינט אַז ער איז דער מיוחס,
אַז ער איז דאָס שיינדל פון גאַנצן פאַראַד
און ממש עס טראָגן אים רוחות.

איך בין אָבער גרייט און איך שרעק זיך ניט אָפּ פאַר
געשריבענעם וואָרט צי גערעדטן,
איך זאָג וואָס איך טראַכט און איך בייג ניט מיין קאָפּ פאַר
די לצים און ניט די פּאָעטן.

פינפטע סצענע

דער צונאָמען האָט אונדזער קו גוט געפּאַסט,
דאָס קען מען ניט לייקענען, ניין!
נאָר זי האָט מיט ווערדע געטראָגן איר לאַסט,
באַהאַלטן אין האַרץ איר געוויין.

און כאָטש וואָס לפּנים עס האָט זיך געדאַכט,
אַז זי האָט זיך לאַנג שוין באַרואיקט,
זי האָט אָבער אַלץ פון דער צייט נאָך געטראַכט
ווען זי איז געוואָרן אַנט־מו־איקט.

דער ווילן צו מוקען געוויינט האָט מיט טרערן,
אין אירע גערעדרים געקלאָגט,
עס איז איר אויך נמאס געוואָרן צו הערן
דעם צונאָמען וואָס האָט געפּלאָגט.

זעקסטע סצענע

ביז איינמאָל, זי ליגט אַזוי שטיל אויפן גראָז
און טוט מעלה־גרה׳ן געמיטלעך,
זי זעט ווי עס שפּילט זיך אַ פּיפּיקער האָז
ביים ברעג פון די קוסטענע ריטלעך.

ער שפּרינגט און ער יאָגט זיך אַראָפּ און אַרויף
אַזוי גראַציעז, אַזוי גלאַטיק,
און אָט גיט ער ווידער אַ טאַנץ און אַ לויף
און בלייבט ווידער שטיין ווי אַ סטאַטיק.

די קו גיט אַ שמייכל און טראַכט: זע נאַר, זע נאַר!
וואָס איז ער אַ צווילינג, צי וואָס?
ער שפּרינגט און ער טאַנצט אַזוי פלינק ווי געווען ער
וואָלט עפּעס אַ האָז... אין אַ האָז!

און אפשר נאָך מערער (עס גלוסט זיך איר זאָגן) —
אַ האָז... אין אַ האָז... אין אַ האָז!
עס קען אים דאָס אויג ניט דערכאַפּן, דערטראָגן
דעם וויכער וואָס גיכערט אין גראָז!

## זיבעטע סצענע

אינדעם פאַלט איר איין אַ געדאַנק אַ צעבליצטער,
דער האָפנונגס־פאַרשיכורטער קו —
אַז אפשר איז זי, ווי דער האָז דער צעהיצטער,
אַ קו... אין אַ קו... אין אַ קו?!

און אויב ס'איז אַזוי, איז דאָך מעגלעך, יאָ טאַקע! —
עס גיט איר אין הארצן אַ ברי —
אַז ס'איז איר פאַרלוירענער מו דער געשמאַקער
פאַרשטעקט אין די אַנדערע קי.

## אַכטע סצענע

פון שפּאַנונג, די קו האָט זיך שיר ניט צעוויינט,
אַ שפּרונג — און זי רייסט שוין די ערד!
ווען ניט אירע הערנער, וואָלט יעדער געמיינט,
אַז ס'לויפט ניט קיין קו, נאָר אַ פערד.

אַזוי איז זי עטלעכע מאָל, ווי פון זינען,
געלאָפן אַהין און צוריק,
געשפּרונגען אַ ווילדע כדי צו געפינען
דאָס נעלם געוואָרענע גליק.

זי האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט עטלעכע מאָל:
דעם האָז נאָכגעטאָן אַלע פּרטים;
פאַרטאַיעט געוואַרט — דאָס פאַרלוירענע קול
צוריקקומען זאָל אין איר אָטעם.

— אַ־דאָ וועל איך וואַרטן, איך גיי ניט אַוועק! —
אַנטשלאָסן געטראַכט האָט די קו.
— און גרייט בין איך ענדיקן דאָ מיינע טעג,
ווייל וואָס איז אַ קו אָן אַ מו?!

ניינטע סצענע

**נאָר איצט,** ליבע פריינד לאָמיר לאָזן זי שטיין.
פאַר וואַרטן, איך בעט אייך, אַנטשולדיקט.
אויך איך וויל שוין וויסן דעם סוף און פאַרשטיין,
נאָר מוז נאָך דערווייל זיין געדולדיק.

ער איז שוין פאַראַן, דער פאַרהוילענער סוף,
נאָר איז נאָך מיט נעפּל פאַרהאַנגען,
ער וואַרט ערגעץ־וואו אין אַ גליקלעכן סטראָף
אין פּרדס פון מיינע געזאַנגען.

— צו וואָס זשע דאָס וואַרטן? — אַן אייזערנע קשיא
דערטראָגט זיך פון אייך צו מיין אויער.
דערויף איז מיין ענטפער: יש דברים! מאַכט רש״י —
דער פּרדס ער האָט ניט קיין טויער.

ער האָט ניט קיין טויער און אויך ניט קיין צאַם,
ניטאָ אויך צו אים איז קיין דרך:
אַמאָל איז דער שליסל דער נס פון אַ גראַם
און עפּטערס אַ סימן דערהער איך —

וואָס עפנט פֿאַנאַנדער דאָס ריכטיקע וואָרט
און נעמט מיך אַריין אין זיין טרקלין,
און ווי כ׳קום בשלום אַרויס נאָר פֿון דאָרט,
דער וועג איז באַלויכטן מיט פֿאַקלען.

## צענטע סצענע

די קו איז געשטאַנען און אַלץ נאָך געוואַרט,
ווי מורא געהאַט זיך צו רירן,
געשטאַנען פֿאַרגליווערט, די אויגן פֿאַרשטאַרט —
דעם כוח פֿון מו צו דערשפּירן.

נאָר פּלוצעם איז זי פֿון דעם גליווער אַרויס,
אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער ערד;
ווי עמעצער וואָלט איר געגעבן אַ שטויס —
די קו האָט זיך איבערגעקערט.

אַרום האָט די שטילקייט אַ דינע גערעדט
און יעדערער האָט זיך געשושקעט.
דערנעבן, אין טייכל מיט גרינעם טשערעט,
עס האָבן זיך זשאַבעס געפּליוסקעט.

דער טאָג האָט געדעמערט, געקליידט זיך אין בלוי,
די זון איז פֿאַמעלעך פֿאַרגאַנגען.
פֿון ערגעץ־וואו האָט זיך דערטראָגן אַן אוי
און איז אין דער לופֿטן געהאַנגען.

נאָר שווער איז אַצינדער צו זאָגן באמת
וועמעס דער אוי איז געווען,
און שווער איז צו וויסן אַצינד ווער דעם רמז
אַריינגערעדט האָט אין מיין פּען.

געוואַלט האָב איך זינגען אַן אַנדער מין זמר,
נאָר ס׳איז ניט געווען באַשערט,
ווייל איבערגעקערט האָט דער רמז דעם עמער —
די קו איז געבליבן אויף דרערד.

געווען איז אַ רואיקייט אין אירע אויגן
און אויף איר טויטן געזיכט;
צום הימל עם האָבן זיך שפּיציק געצויגן
די הערנער ווי זיילן פון ליכט.

זיי האָבן גע׳טענה׳ט, גערעדט צו די שטערן,
ווי פרעגן זיי וואָלטן איצט: נו?
און — זאָגט וואָס איר ווילט — איך בין גרייט דאָ צו שווערן:
די הייך האָט צוריקגעוויינט: מו!...

יאַנואַר־מערץ 1957

# דער שפּילפויגל

פון זיין נעסט אין אַלטן זייגער,
ווי עס איז געווען זיין שטייגער,
איז אַ פויגל יעדע שטונדע,
אַקוראַט צו דער סעקונדע,
פייערלעך אַרויסגעשפּרונגען
און די שטונדע אויסגעזונגען,
און זיך באַלד צוריק באַהאַלטן
אין דעם זייגער אין דעם אַלטן.

נאָכאַנאַנד אַזוי דורך יאָרן,
איז ער דאָך ניט מיד געוואָרן.
קיינמאָל ניט געמאַכט קיין טעות.
פּונקט ביים סוף פון יעדער שעה איז
ער אַרויס, געזאָגט זיין אמת,
ווי ער וואָלט דעם טיפסטן רמז
צו דער וועלט געטאָן אַנטפּלעקן —
זי פון גליווער אויפצואוועקן.

נאָר די וועלט האָט זיך אוודאי
צו דעם פויגלס קוקואַדע
פון די פליענדיקע שטונדן,
וואָס די צייט האָט אָנגעצונדן,
צוגעוואוינט און ניט באַגערט שוין,
אים אַפילו ניט געהערט שוין,
מיטן איינעם וואָרט, ביז וואַנען...
שוין אַפילו ניט פאַרשטאַנען.

אַ פֿאַרגעסענער פֿון אַלעם,
אין דער הייך פֿון די גלגלים,
האָט ער אָבער ווייטער, ווידער
אויסגעדוכנט זיינע לידער,
ווען אויף פֿליגל פֿון די רגע׳ס
דורך די לאַנגע נעכט און טעג איז
אָנגעקומען און געבריט אים
די באַשערטע שעה פֿון ריטעם.

בלויז דער זייגער, וואָס האָט לאַנגזאַם,
רואיק, זיכער און געזאַנגזאַם
מיט זיין טיף־פֿאַרקלערטן אומרו
הין און הער געוויגט די שטומרו,
פֿלעגט אַ ציטער טאָן און ווערן
אַ צעלויכטענער ביים הערן
ווי דער פֿויגל האָט געזונגען
ווען די שטונדע האָט געקלונגען.

ווייל דער זייגער האָט דורך יאָרן
אָנגעזאַמלט אין זכרון
די געזאַנגען און די טרערן,
וואָס ער האָט געטאָן טאָן הערן,
די מחשבות און די שירה,
וואָס דער פֿויגל אין זיין דירה
האָט כסדר אָנגעצונדן
אין דער אייביקייט פֿון שטונדן.

אָבער איינמאָל (ווי עס מאַכט זיך),
ווען דער זייגער האָט פאַרטראַכט זיך,
אַ רעבעלישער פאַרלאַנג איז
פויגלס האַרץ איז אויפגעגאַנגען,
אַן אַנטשלאָסנקייט צו שטומען;
און... ווען ס׳איז די שעה געקומען,
האָט ער גיך די טיר צעריגלט
און פון נעסט אַוועקגעפליגלט.

ווי ער איז אַזוי געפלויגן,
האָט די נאַכט מיט הייסע אויגן
נאָכגעשפּירט דעם מאָדנעם פליער,
וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל פריער
דאָ, אויף דער זייט פון גיהנום,
ניט געהערט און ניט געזען אים
צווישן ערד און הימל שוועבן
מיט אַזאַ פאַראייניזאַמט לעבן.

און געקוקט אויך אַ פאַרגאַפטע
האָט אויף אים די אַלטע כלבטע,
די לבנה, וואָס געוויינלעך
איז איר בלאַסער בליק געמיינלעך
און זי האַלט זיך פון דער ווייטן,
ווען זי טוט אין הימל רייטן,
אָבער איצט האָט זי פאַרגעלט זיך
און אין הימל אָפּגעשטעלט זיך.

נאָר די מאָדנעסטע פּאַסירונג
איז געווען די פאַרפירונג
פון די ווערטער אויף די צונגען
פון אַ מיידל און אַ יונג אין
אַ פאַרשאָטנטער אַלייע,
ווען געפלויגן איבער זיי אין
יענער נאַכטיקייט דער בלויער
איז דער פויגל מיט זיין טרויער.

וויסן מוז מען און געדענקען
דאָס איז אָבער ניט געווען קיין
מן־המעשה פון די וואונדער,
וואָס דערמאָנען זיי באַזונדער
(בלויז דערמאָנען, ניט באַשרייבן),
וואָלט ניט סטייען מיר, ניט בלייבן
שוין קיין גראַמען ביז צום סוף פון
דעם וואָס ווייטער האָט געטראָפן.

וועל איך טאַקע איבערהיפּן
און ניט ברענגען אויף די ליפּן
גאָר אַ סך פון דעם וואָס שפּעטער
האָבן שורות אויף די בלעטער
דאָ געזאָלט מיט גראַם און בילדער
שילדערן אין ריטמיק ווילדער
ווי אַזוי, פון אַנגסט געטריבן,
אויך די צייט איז שטיין געבליבן:

שטיין געבליבן, ווי דערוואָרגן
וואָלט געוואָרן אַ פרימאָרגן,
ווען ער ווייזט זיין ליכטיק פּנים,
און עס וואָלט אַ שטיק געטאָן אים
אַ צעשטורעמדיקע ווילדקייט
און געמאַכט פון אים אַ שטילקייט
פון פאַרהאַמעוועטע ווייען
און פאַרגליווערטע געשרייען.

מיט די פליגל אויסגעצויגן
און מיט שטאַרק-פאַרמאַכטע אויגן,
פונקט אין מיטן קוקעריקו,
איז אַ האָן, אַן אומעטיקער,
מיט פאַר'חלש'טע באַגערן
צו דעם הימל און די שטערן,
שטיין געבליבן אויף אַ לייטער
אָט אַזוי... אַ ניט-געקרייטער.

און ניט נאָר ער!

אַלץ וואָס זינגט צו קענען לעבן
און פאַר זיך אַ חלום וועבן
צו באַהאַלטן זיך אין שיינקייט
און אַנטרינען פון אַליינקייט,
איז געבליבן מיט זיין זינגען
ווי אַ האָן, אין מיטן שפּרינגען,
זאָל אַן איבערשרעק דערהערן
און אַזוי פאַרגליווערט ווערן.

שווער צו וויסן איצט ווי לאַנג אין
הינערפּלעט אַזוי געהאַנגען
איז די צייט, און ווען געקומען
איז אַ סוף צו דעם פאַרשטומען —
צום געצוואונגענעם פאַרטאַיע
פון געזאַנג אין מענטש און חיה,
אין דיביימער פון די וועלדער
און אין גראָזן אויף די פעלדער.

אפשר יאָרן, אפשר וואָכן
איז דאָס קול געווען געבראָכן.
אפשר האָט דער גרויסער ניגון
בלויז אַ רגע׳לע געשוויגן.
שווער צו מעסטן, שווער צו אַנען,
ווייל די צייט איז דאָך געשטאַנען...
נאָר אין האַרץ, וואָס איז אָנשויביק,
האָט עס אויסגעזען ווי אייביק.

ווייל באַהאַלטן איז געווען די
שטילע, אומגעריכטע ענדע
(פון דעם פויגלס רעבעלירן)
הינטער טויערן און טירן,
און אַ רגע איז דאָך לענגער
אין אַ תפיסה אין אַן ענגער
מיט אַן אויסגעלאָשן פייער,
ווי אַ גאַנצער טאָג אַ פרייער.

אָט אין מיטן דער פאַרנאַכטונג
אויפגעקומען פון פאַרטראַכטונג
איז דער זייגער מיט אַ ציטער
און דערשפּירט אַן אָפּגעבריטער
ווי די צייט איז איינגעשלאָפן...
אַז די טיר פון נעסט איז אָפן
און אַוועק פון דאָרט, פאַרשוואונדן
איז דער זינגער פון די שטונדן.

פּונקט אין זעלבן הרף-עין,
ווי אַן אויפגעבליצטער רעיון,
האָט אַ שטראַל-געטאָן אַ שפּרינקל
אויף דעם פויגל אין אַ ווינקל,
אים געוועקט און אויפגעמינטערט
פון דעם טרויער, וואו פאַרטינטערט,
איינגעקאָרטשעט און פאַרגעסן,
ער איז דרעמלענדיק געזעסן.

ס'האָט דאָס ליכט אויף אים פאַרצויגן
אַלדי פאַרב פון רעגנבויגן
ווי אַ שטראַלנדיקע יאַקע,
און אַ קול דממה דקה
האָט גערופן און געגלעט אים,
אויפגעבראַכט פון הינערפלעט אים,
ביז עס האָט אַ נייער גלויבן
פון דעם שטויב אים אויפגעהויבן:

זינגען טוט און מוז דאָך יעדער —
פון דעם גרעזל ביז דעם צעדער,
פון באַשעפעניש אין שימל
ביז צום אָדלער אין דעם הימל;
ס׳איז געזאַנג אויך דאָ אין טרערן,
אויך אין שווייגן און אין קלערן,
און אַפילו אויך אין טרויער...
און פאַר אַלץ איז דאָ אַן אויער.

מיט דעם גלויבן אין די פליגל,
וואָס געבראַכט האָט אים דער שפּיגל
פון דער וועלט און אָנגעזעטיקט,
האָט דער פויגל ניט פאַרשפּעטיקט
און איז באַלד מיט וואַכע אויגן
צו דער נעסט צוריקגעפלויגן...
און זיין אויסזינגג פון די שטונדן
האָט די וועלט פונסניי געצונדן.

דעצעמבער 1957—יאַנואַר 1958

# ז י ז

(אמר רב אשי ההוא זיז שדי הוא
דכתיב וזיז שדי עמדי — בבא בתרא)

— זיז איז אַ פויגל, אַ פויגל אַ ריז,
זיין קאָפּ איז אין הימל, אין ים זיינע פיס.
און דער ים איז נישט גלאַט עפּעס דאָרטן אַ בעכל,
נאָר זיזן דערגרייכט ער קוים ביז צו די קנעכל.

— דער אמתער פויגל, די ריכטיקע מאָס!
וואָס איז ער עוג מלך ה׳בושל, צי וואָס?

— ניין!
זיז איז אַ... זיז איז אַ... זיז איז אַ זיז,
זיז איז ער, ריז איז ער פון דאַנען ביז...
און אפשר נאָך העכער, און אפשר נאָך טיפער,
דערציילן אַמאָליקע יידישע שיפער.

— פּלאי פּלאים! איך זינג אים אַ מיז׳...
אַ מזמור ל׳פויגל, אַ מזמור ל׳זיז!
די פראַגע איז נאָר און דאָס רעטעניש איז:
ווי קאָן ער פאַרטראָגן צו זיין אַזאַ ריז?

— דער ענטפער איז פּשוט, עס איז טאַקע שווער,
נישט איין מאָל פאַרלירט ער דעריבער אַ טרער.
ער וויינט וואָס אים אייביק צו זיין איז באַשערט
צו-קליין פאַרן הימל, צו-גרויס פאַר דער ערד.
און איידער אַ חוזק סיי דאָרט און סיי דאָ,
וואָלט ליבערשט געווען ער אַפילו אַ קראָ.

— וואָס זשע טוט ער דערצו? אַ רחמנות! אָמער...

— אַ שלאָג מיר נישט איבער! זיי רואיק און הער:

— באַפריי מיך פון תפיסה, פון ריזיקן גוף! —
ער שיקט צום באַשעפער אַ תפילה, אַ רוף. —
דו האָסט מיך דערצויגן צו דיר אין דער הייך,
נאָר איבערגעלאָזט די פאַרלאַנגען אין בויך.
און ס'איז מיר שוין נמאס צו שטיין דאָ אַליין...
עס גלוסט זיך מיר ווערן אַ פייגעלע קליין.
צעשפּרייטן די פליגל, זיך גיבן אַ טראָג:
און ס'זאָל נישט קיין חושך פאַרטונקלען דעם טאָג!
אַ זינג טאָן אַ ניגון ווי מיר עס געפעלט:
און ס'זאָל נישט קיין דונער פאַרקנאַלן די וועלט!
איך זאָל נישט פאַרפליען צו־ווייט פון דער ערד,
מיין ליד זאָל אַ זינג טאָן און ווערן דערהערט!
וואָס טויג מיר די גרויסקייט, אַז זי איז אַ שטייג?
דו האָסט מיט מיר, שעפער, געגרייזט און גע...

— שווייג! — רופט אַ בת־קול. — נישט לעסטער, זיי שטיל!
ס'האָט יעדער באַשאַף זיין שליחות און ציל!
מע פרעגט נישט ביי אים וואָס ער וויל, וואָס אים פּאַסט,
ס'איז יעדן באַשאַף זיין דערהייבונג אַ לאַסט!
נישטאָ קיין צוריקוועג פון געטלעכן לוין:
דער פרייז פון דערהייבונג איז בלייבן אַליין...

דאָס קול ווערט אַנטשוויגן. דער פויגל דערוואַכט.
די רייד האָבן גרינגשאַפט אין גוף אים געבראַכט.
די שאַרפע און פשוטע געטלעכע רייד
האָבן אים מיט אַ מלבוש פון טרייסט אָנגעקליידט,
און געשטאַרקט אים דאָס האַרץ מיט אַ נייעם פאַרשטיין:
צו טראָגן די לייד און די לאַסט פון זיין לוין,
צו זינגען זיין זינג און צו פליען זיין פלי,
ווען אונטער די פליגל עס גיט אים אַ ברי.
עס זאָל אים נישט אַרן קיין ערדישער שפּאָט,
ווייל ער זינגט דאָך און פליט נאָר פאַר גאָט, נאָר פאַר גאָט.



און דאָס וואָלט געווען דער סוף פון מיין ליד,
נאָר אויב איר ווילט הערן און זיינט נאָך נישט מיד,
האָב איך נאָך עטלעכע שורות, נישט מער.
ס'האָט גאָט זיך דערבאַרעמט און האָט זיין באַגער
צו ווערן אַ פייגעלע קליין און פאַרשייט
באַוויליקט אויף איין מאָל אַ יאָר אין דער צייט,
ווען אוים איז דער ווינטער, נאָר זומער נאָך ווייט,
אַז דעמאָלט זאָל ער אין אַ גליקלעכער שעה
אָנזאָגן אַלעם אַז פרילינג איז דאָ.
און זעט איר אים פליען, זייט וויסן געוויס,
אַז דאָס איז נישט קיינער, נאָר זיזעלע-זיז.

מערץ־אַפּריל, 1948

# דער קוקו און די קו

1

אויף אַ פעלד נישט ווייט פון טייך
מרוקעט טרויעריק אַ קו:
— הימל, ערד! איך פרעג ביי אייך,
מו?... וואו איז מיין קעלבל, וואו?

פלוצעם הערט מען אין טשערעט
זינגט אַ פויגל, קוקעט, רעדט
צו דער אומעטיקער קו:
— קוק, קו!... קוק, קו!... קוק, קו!

הערט די קו זיך איין אַ ווײלע
און דערנאָך פרעגט זי אַ שאלה:

— קוק?... וואָדען איך קוק נישט, וואָס?
זי באַמערקט אויך מיט פאַרדראָס:
— כ'בין, חלילה, דאָך קיין פערד נישט,
נאָר מען זעט נישט און מען הערט נישט!

— קוק, קו!... קוק, קו!... ווייטער טיפער! —
זינגט דער פליענדיקער שטיפער.
— קוק, קו!... קוק, קו!... קוק אין וואַסער! —
רופט דער זינגענדיקער שפאַסער.

— וואָס?... אין וואַסער? — פרעגט די קו.
— ווײ איז מיר און ווײ איז מו! —
און זי לאָזט זיך אין איין שרעק
לויפן זוכן ביי דעם ברעג.

2

ווי זי זוכט אַזוי און מרוקעט,
טוט דער פֿויגל זײַנס און קוקעט;
און אין קאָפּ פֿון דעם פּאָעט
רוישט אַ קוקו־מו דועט:

מאַכט דער פֿויגל: — קוק, קו!... קוק, קו!
פֿרעגט די קו אים: — מו?... וואו?
מאַכט ער ווידער: — קוק, קו!... קוק, קו!
פֿרעגט זי ווידער: — מו?... וואו?

3

אָט אַזוי און אַזוי ווײַטער
מאַכט דער פֿויגל דער פֿאַרשײַטער
חוזק פֿון דער קו דער גוטער,
וואָס איז גרייט, ווי יעדע מוטער,
לאָזן מאַכן זיך צום נאַר,
גיין אָן מורא אין געפֿאַר,
לאָזן טרייבן זיך פֿון זינען,
ווען זי זוכט און וויל געפֿינען
אירס אַ קינד וואָס איז פֿאַרשוואונדן,
און איר האַרץ איז אָנגעצונדן.

4

נאָר דער דיכטער קען דאָס לענגער
נישט פֿאַרטראָגן, און אַ שטרענגער
גיט ער אַ פֿאַרהאַלט זײַן פּען און —
וויל שוין דאָס פּאַפּיר פֿאַרברענען.

אָבער דאָ געשעט אַן עפּעס,
וואָס מען וואָלט מיט אַכצן קעפּ עס
קיינמאָל וויסן נישט געקענט
אָן דעם אויסטערלישן בלענד,
וואָס די אומגעריכטסטע ווערטער
ברענגען פון געהיימע ערטער:

ער דערהערט פון ערגעץ-וואו
ווי דער פויגל און די קו
הייבן-אויף אַ גרויס געוויין:
— קוקו, ניטע!... מו, ניין, ניין!

5

בלייבט ער זיצן אַ געשמידטער,
הערט זיך ווייטער איין מיט ציטער
ווי די ווערטער און דער ברויז
קומען פון דער פּען אַרויס:

— ברענג אונדז נישט אויף דער עקדה.
לאַנג געהאַפּט מיר האָבןביידע
און דערוואַרט זיך אויף דער צייט
אויסצושטרייטן אונדזער שטרייט;
און נישט דיינע איז די עובדא
אָנצונעמען זיך די קריוודע...
נישט צו ווערן דאָ אַ ריכטער
האָט מען אויסדערוויילט דיך, דיכטער!

6

אויסגעהערט אַזעלכע רייד,
האָט דער דיכטער שטילערהייט
ווידער אָנגערירט די פּען,
ווייל געוואָלט האָט ער שוין זען
וואָס עס וועט געשען מיט זיי,
מיט די מאָדנע העלדן צוויי.

ער האָט אויך געהאָפט, געמיינט,
אַז די פּען וואָס האָט געוויינט
און געבעטן אַז ער זאָל
נישט דערשטיקן זייער קול,
וועט איצט נעמען גיכער שרייבן,
און ער וועט נישט דאַרפן קלייבן,
זוכן ערשט דעם פאָדעם פון דער
מעשה פון באַשערטע וואונדער.

ער האָט אָבער נישט געטראָפן.
תמעוואַטע און פאַרשלאָפן
אין דער האַנט פון דעם פּאָעט,
האָט די פּען ווי אָפּגעשפּעט:
— נו, גיב לשון! גיב אַ וואָרט!
ווייל איך ריר זיך נישט פון אָרט!

7

זעט דער דיכטער אַז ס׳איז שלעכט,
אַלע זיינען זיי גערעכט.
פאַלט אים איין אַז ווי די קו
וועט נישט וויסן פון קיין רו
ביז זי וועט איר קאַלב געפינען —
וועט אויך ער אַראָפּ פון זינען,
אויב עס וועט אים נישט געלינגען
איר פאַרבלענדזער צו באַצווינגען;
אויב ער וועט זי נישט באַפרייען
פון דעם פויגלס קוקורייען.
נאָר ער כאַפּט זיך באַלד, דער דיכטער,
אַז ער טאָר נישט זיין קיין ריכטער
און נישט טראַכטן פון קיין אופן
ווי אַזוי דעם וועג פאַרלויפן.
נישט ער קען און נישט ער מעג
וועלן גאָר דעם גרינגן וועג...
און דעריבער איז שוין צייט
ווייטער לאָזן זיך אין שטרייט —
קלאַפּן אין די ווערטער־טירן
ביז זיי וועלן אים דערפירן.

8

ווי געטראַכט, אַזוי געטאָן —
הייבט דאָס ליד זיך ווידער אָן;
און מיט האָפענונג באַנייטער
גייט די מעשה איצטער ווייטער.

9

און ... אַט הערן מיר שוין ווידער
ווי דער קוקו־פויגל גיט דער
קו סימנים אַלערליי:
— קוק, קו, גיי! ... קוק, קו, שטיי!
קוק, קו, דאָ! ... קוק, קו, דאָרט!

און זי פאָלגט אים, אָן אַ וואָרט.
זי נעמט־אָן זיין יעדע עצה
און וואוהין ער שיקט זי, גייט זי;
ווייל זי ווייסט עס איז דער שטערער
אויך אַ וועגווייזער, אַ לערער.
און זי וועט דורך אים דערשפּירן,
קומען צו דעם קעלבל אירן.

10

טאָג און נאַכט און טאָג און נאַכט
גייט די קו אַרום פאַרטראַכט,
גייט־אַרום אויף אַלע וועגן
און זי ווערט נישט מיד צו פרעגן —
ביי די ביימער, ביי די גראָזן,
ביי די שאָף און ביי די האָזן,
ביי דער זון און ביי די שטערן —
ווערט נישט מיד צו זוכן, קלערן.

אָנגעשפּיצט די שאַרפע הערנער
און אין האַרץ מיט איין באַגער נאָר,
מיט אַ מו וואָס רייסט די לופט,
גייט די קו דורך בערג און רופט,
גייט דורך וועגט און ווערט צעשלאָגן,
נאָר זי טוט זיך נישט באַקלאָגן.

נישט זי ווײַל זיך איבערנעמען,
נישט זי האָט אַצינד פאַר וועמען,
און זי ווייסט שוין — קיינער קען איר
גאָרנישט העלפן מיט קיין פלענער,
און אַז סוף־כל־סוף אַליין
מוז זי צו איר קאַלב דערגיין.

11

ווי זי גייט אַזוי און מוקעט
און דער קוקו־פויגל קוקעט,
הייסט איר קוקן: — קוק, קו, זע! —
דאַכט זיך איר זי הערט אַ מע!

בלייבט זי שטיל, שטרענגט־אָן די אויגן,
און פאַמעלעך, איינגעבויגן,
לאָזט זי גיין זיך נאָך דעם קול,
נידערט טיפער אין אַ טאָל
אויף אַ שמאָלן, לאַנגן וועג,
ביז זי קומט־אָן צו אַ ברעג
פון אַ ברייטן טײַך און זעט,
אַז פון יענער זײַט, העט־העט,
שטייט און ציטערט ווי אין פיבער,
שטייט איר קאַלב און קוקט אַריבער.

קוקט די קו אַזאַ פאַרבענקטע,
און מיט בליקן אָנגעשטרענגטע
טוליעט זי זיך אין געדאַנק
צו דעם קעלבל אַזוי לאַנג
און זי ווייסט נישט וואָס צו זאָגן
(זאָל זי לאַכן, זאָל זי קלאָגן?)
ביז... אַ נעפּל ווערט פאַרצויגן
פאַר די בענקענדיקע אויגן.

12

— מו ?... וואו ביסטו, קעלבל מיין ? –
פרעגט די קו און שרייט אריין
אין דער נעפלדיקער לופט
איר פארביטערונג, און רופט
דורך דער גרויזאמער פארנאכטונג:
— ביסטו בלויז געווען א דאכטונג ?
און דיין מע, דיין רוף פון שלום,
בלויז אן עכא פון מיין חלום ?

13

— מע !... אט בין איך !... וואו ביסטו ?
רופט דאס קעלבל צו דער קו.
— מער ווי דו גייסט-אוים נאך מיר,
מע !... איך בענק און רוף צו דיר.

14

פון דעם צאפלדיקן רוף,
וואס צעציטערט אזש איר גוף,
הייבט די קו אן שרייען, ריידן:
— קיינער קען אונדז מער ניט שיידן !

מע !... איך וויים ! און מו !... איך וויים !
רופן זיי זיך איבער היים;
דורך דער פינצטערניש געווענדטע,
גייען קולות זיך דערקענטע;
און פון איבעררוף דעם בלינדן
הייבט דער נעפל אן פארשווינדן.

15

זיי דערזעען זיך שוין קלאר,
און די שטימען זיינען וואר.
עס גייט-אויף דאס ליכט פון ליכטער,
וואס דערשטוינט דאס הארץ פון דיכטער.

16

און וואָס-מער די לופט ווערט העלער,
הייבט דער טייך אָן ווערן שמעלער.
זיינע אָפּגעשיידטע ברעגן
רוקן, לויפן זיך אַנטקעגן,
שמעלצן זיך צונויף ווי גראַמען,
ברענגען קו און קאַלב צוזאַמען.

17

— קוק, קו, זע!... אָט איז עס, אָט!
זאָגט אויך ער איצט אויפן דעם סוד,
נאָר דעם קוקו-פויגלס בריען
האָט שוין איצט אַן אַנדער רעיון:
— האָסט דיין קאַלב אַצינד געפונען,
און דיין שטרייט מיט מיר געוואונען!

13

צי געוואונען האָט אויך ער,
וואָס פאַרענדיקט מיט אַ טרער
איצט די מעשה ערגעץ-וואו
פון דעם קוקו און דער קו —

דאָס איז שוין אַן אַנדער מעשה,
אפשר גאָר אַ מין ברייתא.

מערץ-אַפּריל, 1957

# אַ מעשה מיט אַ ב

אַ ב האָט געוואַנדערט אַמאָל אויף דער וועלט.
און האָט אין אַ ווינקל ביים ברעג פון אַ פעלד
געזען ווי עס זיצט זיך אַ פויער ביים פלאַקער
און האָרט לעבן אים שטייט אַ ריזיקער אַקער.

די ב האָט דעם פויער און אַקער באַטראַכט,
האָט אָפּגעוואַרט ביז ס'איז אַריבער די נאַכט,
און ווען ס'איז דער פויער געשמאַק נאָך געשלאָפן,
האָט עפּעס אַ מעשה אַ מאָדנע געטראָפן:

ביים ליכט פון פרימאָרגן, ביים זילבערנעם שיין,
די ב איז אַ פלינקע אין אַקער אַריין;
עס האָט זיך צעקלונגען דער שאַל פון אַ האָרן,
און באַלד איז פון אַקער אַן אַנקער געוואָרן.

דער גרילציקער שאַל האָט דעם פויער צעוועקט,
און ווען ס'האָט די טרעפונג פאַר אים זיך אַנטפּלעקט,
ער האָט זיך פאַרוואונדערט געריבן די אויגן,
געמיינט ער איז ווידער אין חלום פאַרפלויגן.

ער האָט אָבער סוף־כל־סוף איינגעזען אַז
עס איז ניט קיין חלום, נאָר עפּעס אַ שפּאַס.
אַ שמייכל האָט זיך אויף זיין פּנים צעגאָסן,
און ער האָט אַ ווײַלע צו וואַרטן באַשלאָסן.

גערוואָרט האָט דער פויער, גערוואָרט אַזוי לאַנג,
ביז ענדלעך עס איז אים אַריין אַ געדאַנק,
אַז גלאַט אַזוי וואַרטן איז אויך ניט קיין שכל,
און באַלד איז פון פּנים פאַרשוואונדן זיין שמייכל.

— וואָס הייסט דאָס? גענוג באַלאַמוטשעט, געשפּאַסט! —
גערעדט האָט דער פויער און האָט זיך גע׳כעס׳ט.
— ווער איז ער, וואָס וויל ער, דער ליץ, פון מיר האָבן?
איך קען דאָך די ערד מיט קיין אַנקער ניט גראָבן!

— דער טאָג גייט אַוועק, ס׳איז שוין שפּעטער ווי שפּעט! —
דער פויער האָט ווייטער געוויינט און גערעדט.
— אַ גאַנצן פרימאָרגן כמעט שוין צע׳פּטר׳ט...
גענוג שוין אַן אָרעמען פויער געמאַטערט!

דעם פויערס געבעט און דעם פויערס געוויין
געקענט האָבן רירן אַפילו אַ שטיין.
די ג׳ האָט געקאָרטשעט זיך ווי אַ צעדרייטע,
גענומען שוין טראַכטן: ווי מאַכט מען דאָ פּליטה?

דערווייל האָט דער פויער געעפנט זיין זאַק,
געגעסן זיין מאָלצייט מיט קנאָפּן געשמאַק,
דערנאָך מיט אַ ביסעלע משקה פאַרטרונקען
און איז אין אַ שלאָף אין אַ טיפן פאַרזונקען.

אויף דעם האָט די ג׳ טאַקע קוים זיך דערוואַרט,
די זייטן פון אַנקער אַ פלינקע צעשפּאַרט,
אַרויסגעשוועבט פון אים אַזוי ווי אַ פליער,
און באַלד איז דער אַקער געשטאַנען ווי פריער.

געוואָלט האָט די ג׳ שוין אַוועק פון דעם פעלד
צו נייע וואונדווירים אין האַרץ פון דער וועלט,
נאָר דאָ איז דער פויער פון שלאָף אויפגעקומען,
דעם אַקער דערזען און... האָט לאַכן גענומען

אַ זעלטן געלעכטער פון קוואַליקער פרייד,
וואָס האָט זיך געטראָגן און האָט זיך געדרייט
אַרויף און אַראָפּ אין אַזאַ מין געווימל —
אַז מיטגעלאַכט האָבן די ערד און דער הימל.

און מיטגעלאַכט האָט אויך אַפילו די ג׳
און טאַנצן גענומען אַנטקעגן דער זון.
זי האָט זיך געפרייט מיט דעם גליקלעכן סוף און...
צו נייע באַשערטע וועגטורעס געלאָפן.

P. S.

געפרייט האָט זיך אויך דער פּאָעט און געלאַכט
דערפאַר וואָס מען האָט אים אין מיטן דער נאַכט
אַ רגע פון יענער זייט פרגוד באַשטערנט
און ער האָט אַ זעאונג געזען און געלערנט.

# דער ברוגז־טאַנץ

(אַ פֿאַבל)

אַראָפּגעשפּרונגען קעניגלעך פֿון טראָן,
אַ קלאַפּ געטאָן די פֿליגל האָט דער האָן;
די אויגן מיט כוונה שטאַרק פֿאַרמאַכט,
געזעגנט זיך אין האַרצן מיט דער נאַכט;
באַפּעסטיקט אויף דער ערד זיין דאַרן גוף,
אַרויסגעלאָזט אַ קוקוריקו רוף.

די שטערן זיינען איינציקווייז פֿאַרשוואונדן,
דער הימל איז געוואָרן אָפּגעשונדן;
אַ שמייכל ליכט ביים ברעג פֿון הימל־דאַך
האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהייב פֿון אַ לאַך;
און באַלד האָט זיך דאָס הימל־מויל צעפּראַלט,
מיט פֿלאַמיקן געלעכטער זיך צעקנאַלט.

דער האָן האָט זיך אַרומגעקוקט געלאַסן,
ווי איינער רעדט: ווער טוט דאָ איצטער שפּאַסן?
און ווידער, ווי געטאָן וואָלט אים אַ ברי,
אַ הייב געטאָן די פֿליגל ווי צום פֿלי,
אַ קלאַפּ געטאָן באַפּעלעריש: זייט שטיל!
און ווידער זיך צעזונגען מיט געפֿיל.

דערנאָך האָט ער געלאָזט זיך שפּאַנען דרייסט,
מיט קעניגלעכער ווערדע שטאָלץ געשפּרייזט;
זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע און געקלערט,
אַ קראַץ געטאָן אַהער־אַהין די ערד,
אַרויסגעפּיקט אַ ווערעמל צי צוויי,
און גלאַט אַזוי, אין זיך, געטאָן אַ קריי.

אַן אָפּגע׳פרישטיק׳טער, כאָטש נאָך ניט זאַט,
איז ער אין הינער־הויף אַריין מיט שטאַט;
האָט רעכטס און לינקס געוואָרפן פלינקע בליקן,
די יונגע הענדלעך אָנגעהויבן טרייבן, פּיקן;
געזוכט, געפּאָרשט און אײַפערדיק און וואַרעם
גאַלאַנט באַגריסט די ווײַבער פון זײַן האַרעם.

נאָר פּלוצעם, אין געציילטע פּאָר סעקונדן,
האָט זיך זײַן רויטער קאַם ווי אָנגעצונדן;
זײַן גאַנצע איידלקייט איז גיך אַוועק;
די פעדערן פון האַלדז און פון זײַן עק
געוואָרן זײַנען פול און אָנגעבלאָזן
ווי אין אַ שטורעמווינט עס ווערן גראָזן.

זיין שנאָבל איז געוואָרן דין פאַרשפיצט,
די אויגן זיינע האָבן ווילד געבליצט;
פּאַמעלעך, אָבער מיט אַ פעסטן טראָט,
געשפּאַנט האָט ער מיט צאָרן און מיט שפּאָט,
געגאַנגען מיטן כוח פון זיין טראָן
פאַרטרייבן פון זיין גבול אַ פרעמדן האָן.

דער פרעמדער איז געשטאַנען שטייף און גרייט,
האָט בלויז דעם קאָפּ אַ צוויי-דריי מאָל אויף „ניין" געדרייט,
נאָר האָט זיין שטרענגן בליק נישט אָפּגעווענדט.
זיין שאַרף-געשניצטער קאָם האָט רויט געברענט;
די פים ווי איינגעדראָטעוועט אין באָדן,
געשטאַנען איז ער פול מיט חוצפה אָנגעלאָדן.

זיי האָבן זיך אַ לאַנגע צייט באַטראַכט,
ווי אויסגעפּרואווט צוערשט אַן אויגן-שלאַכט;
געטשאַטעוועט האָט יעדערער פון זיי,
אַז מאַכן זאָל דער פיינט אַ פאַלשן דריי;
פאַרוועט זיך קעגן פרעמדן האָט דער קעניג —
ווער וועט וועמען מאַכן אונטערטעניק.

דערווײַלע האָט די גאַנצע כאַפּטע הינער,
פֿאַרזונקען אין אַ שווײַגעניש אַ דינער,
פֿאַרזאַמלט זיך אַרום די צוויי פֿאַרשווינען —
די העלדן מיט די ברענענדיקע קרוינען.
דאָס האָבן זיי געוואַרט אַצינד, די עופֿות,
מיט ציטערניש אין האַרצן אויף אַ מופֿת.

עס זײַנען די עקשנים צוויי פֿאַרלאָקטע,
געשטאַנען אָבער אַלץ נאָך ווי געטאָקטע;
די שטילקייט איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.
— גוואַלד! ווי קען עס זײַן? ווי איז דאָס מעגלעך? —
געפֿרעגט זיך האָבן הינער מיט די אויגן...
די צײַט האָט זיך געצויגן און געצויגן.

נאָך איצט איז שווער דאָס צו פֿאַרשטיין, באַנעמען,
צו וויסן אַקוראַט דאָ ווער האָט וועמען
באַוויזן מיט די אויגן צו באַזיגן;
נאָר — ווי צום פֿלאַטער פֿון אַ קוים־געהערטן ניגון —
וואָס בײדע האָנען האָבן אויפֿאַמאָל דערשפּירט,
זיי האָבן פֿון די ערטער זיך גערירט.

צוערשט, מיט די רגלים ווי פון דראָט,
האָט יעדער הינטער זיך געשטעלט אַ טראָט;
דערנאָך, ווי דורך אַן אינערלעכן מוז,
פאַראויס, צום טאַקט, צוריקגעשטעלט אַ פוס;
אַזוי־אָ נאָכאַנאַנד זיי האָבן דאָס געטאָן —
דער פרעמדער קוקוריקו און דער קעניג־האָן.

און ביסלעכווייז עס זייגען אָט־די טריט,
צום ריטעם פון דעם קוים־געהערטן ליד,
געוואָרן גיכער, לעבעדיקער, וואַרעם,
פאַרכאַפּט די הערצער פון דעם גאַנצן האַרעם;
און אין אַ ראָד אַרום די תרנגולים
האָט מיטגעטאַנצט דער גאַנצער הינער־עולם.

איך מעגט מיר גלייבן, ס'איז געווען כדאי
צו זען דעם האָנען־טאַנץ דאָרט סיי ווי סיי,
נאָר דאָס איז ניט געווען נאָך די ענדע;
געהאַט האָט נאָך די דאָזיקע לעגענדע
אַזאַ מין סוף, וואָס שטייגט דאָס אַלץ אַריבער...
איז לאָמיר טאַקע ווייטער גיין דעריבער.

וועז אַלע זיינען דאָרט געווען פאַרטאָן,
האָט זיך פון ערגעץ־וואו אַ דריטער האָן
באַוויזן ביי דער שוועל פון הינער־הויף.
מיט לאַנגע טריט האָט ער געטאָן אַ לויף,
נאָר באַלד אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ אויף „ניין",
און אַ פאַרטאַיעטער געבליבן שטיין.

דער אורח האָט געקוקט... געטראַכט, געטראַכט,
און פון אַן איינפאַל שיר זיך ניט צעלאַכט;
ער האָט דעריבער לענגער נישט געוואַרט,
צום הינער־רעדל פרום זיך צוגעשאַרט,
און, ווי ער וואָלט געווען אַ נאַריש הינדל,
האָט ער זיך מיטגעדרייט מיט דעם געזינדל.

דער קעניג ווידער און דער ערשטער פרעמדער האָן
געווען נאָך זיינען אַלץ אַריינגעטאָן
עקשנות'דיק אין זייער ברוגז־טאַנץ;
אַפילו נישט באַמערקט דעם הינער־קראַנץ
און אויך נישט דעם פאַרשטעלטן דריטן קרייער,
וואָס האָט געטאַנצט מיט די הקפות־גייער.

די זון איז שוין געווען אין מיטן הימל,
ווען פּלוצעם האָט דער האָן, דער נומער גימל,
אַ קער געטאָן זיך זייטיק, און אַ גרינגער —
קוים אָנגערירט דעם באָדן מיט די פינגער —
געטרייסלט פון דעם הויף אַרויס גאַלאַנט
און נאָך אים האָבן אַלע הינער נאָכגעשפּאַנט.

וואוהין זיי זיינען סוף־כל־סוף דערגאַנגען —
דערציילט נישט די לעגענדע, ווייל פאַרהאַנגען
האָט עמעצער אַ פאַרהאַנג איבער זיי
מיט מעשיות און רכילות אַלערליי;
מיט חקירות און פאַרוואונדערונג צעהיצטער
מען קוואָקעט נאָך דערפון אַפילו איצטער.

געבליבן אָבער איז אויף לאַנגע יאָרן
דער ברוגז־טאַנץ אין הינערשן זכרון;
מען זאָגט ער האָט זיך קיינמאָל נישט געענדיקט;
אַז איינגעשפּאַרט, פאַרצויבערט שוין אויף שטענדיק,
זיי זיינען אַזוי טאַנצנדיק געבליבן...
מען זאָגט — נאָר ס'איז מסתמא איבערטריבן.

אַפּריל־מאַי 1957

# דער וואָלף און די ציג

(ניט קיין פאַבל)

1

דער וואָלף האָט געעפּנט דעם פּיסק ווי אַ שער,
אַ שער מיט צעשטשירעטע ציינער,
און גרייט צו פאַרשלינגען געוועזן איז ער
די ציג מיט דער פעל און די ביינער.

2

די ציג האָט דערשראָקן די אויגן צעפּראַלט,
אַריינגעקוקט טיף אין זיין בייזקייט;
געמעקעט אין איר האָט אַ שטומער געוואַלד
אַנטקעגן דער וואָלפישער הייסקייט.

זי האָט אויך די הערנער אויף אים אָנגעשטעלט,
אַ שפּיציקע וואָרנונג געגעבן:
מודיע געוועזן די ציג האָט דעם העלד
איר גרייטקייט אויף טויט און אויף לעבן.

זיי האָבן זיך לענגערסט אַזוי-אַ באַטראַכט
און האָבן פון אָרט ניט גערירט זיך,
נאָר פלוצעם די ציג האָט די שטילקייט צעקראַכט:
— פאַרגעסט ניט, ר׳ וואָלף, דעם **לא תרצח!**

3

דער וואָלף האָט אַ שמייכל געטאָן מיט דער שער,
געלאַכט פון דער ציג און איר העזה,
נאָר טיף אין זיין האַרצן באַוואונדערט האָט ער
דעם שטעל און דעם מוט פון דער קאָזע.

אַזוי ווי דער הונגער האָט אים ניט געשפּאַרט
(כאָטש זעלטן, דאָך טוט זיך עס טרעפן),
האָט רעדן גענומען ער איידל און צאַרט
די נאַרישע קאָזע צו פלעפן.

אַראָפּפירן האָט ער געוואָלט זי פון וועג,
אַנטשפּאַנען, זי זאָל זיך פאַרקוקן,
און ווען עס וועט ווערן צעשמאָלצן איר שרעק,
אַ שפּרונג טאָן אויף איר און פאַרצוקן.

4

די ציג אָבער האָט זיך פאַרשטאַנען אויף אים,
דערשפּירט אַז די ריידעלעך גלאַטע
זיי זייַנען אַ שעפּסענע פעל אויף זיין שטים,
וואָס מאַכט זיך (און רעדט) תמעוואַטע.

זי האָט זיך דעריבער לפנים פאַרקלערט,
געמעקעט, געבלעקעט אַ ניגון,
האָט כלומרשט געלאַסן געקוקט אויף דער ערד,
אויף גראָזן און גרילן און פליגן;

נאָר האָט אויף קיין רגע די גאַנצענע צייט,
וואָס ער האָט גערעדט און געדורעט,
ניט אויפגעהערט היטן דעם וואָלף פון אַ זייט
דורך ווינקלען פון אויגן פאַרזשמורעט.

5

דער וואָלף האָט נאָך ווייטער אַ פרומער געמוילט
פון גוטסקייט און לייטישע זאַכן,
געזאָגט אַז דאָס הארץ ווערט אים נעבאַך פאַרקנוילט
און וויינט אויף דעם גורל פון שוואַכן.

— דעם שוואַכן איז שווער, — האָט דער וואָלף מיט אַ קרעכץ
געזאָגט דורך צעשטשירעטע מעסערס, —
נאָר מיין ניט בלויז **אים** שניידט דער גורל פון שלעכטס,
דעם שטאַרקן איז אויכעט ניט בעסער.

— אויך אים קומט־אָן שווער, דעם בעל־כוח און ריז,
צו לעבן פון טויט און רציחה;
ער וויטיקט און ווארגט זיך דערמיט און עס איז
דאָס לעבן פון טויט... אים ניט ניחא.

6

די ציג האָט געקוקט מיט אַ זייטיקן בליק
און האָט ניט געוואוסט וואָס צו קלערן
דער וואָלף האָט געוויגט זיך אַהין און צוריק
און האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן.

— דו רעדסט פון **לא תרצח**, געכליפּעט האָט ער, —
ס'איז גרינג דיר, מיין פריינד, דאָס צו זאָגן;
און גרינג איז דיר פאָלגן דעם סיני פאַרווער,
ווען שטרוי איז גענוג פאַר דיין מאָגן.

— פאַר מיר אָבער איז עס אַ ביטער געבאָט,
וואָס ביטערט מיין יעדערן ביסן;
איך פרעס און איך וויין און האָב טענות צו גאָט
און קיל מיר אַזוי מיין געוויסן.

7

דער וואָלף האָט אַ מידער די אויגן פאַרמאַכט
און האָט זיך אויף דרערד אויסגעצויגן;
די ציג איז געשטאַנען און האָט אים באַטראַכט
און האָט ניט געגלייבט אירע אויגן.

— וואָס טוט זיך מיט אים? ס'איז דאָך ניט צום פאַרשטיין!
וואָס מיינט עס? וואָס קען עס באַדייטן? —
געטראַכט האָט די ציג און אַ פריידיק געוויין
געמעקעט צו אַלע פיר זייטן:

צו מזרח אַ מעָ און צו מערב אַ מעָ,
צו דרום אַ מעָ און צו צפון —
גערופן האָט זי און געטראַכט: זע נאַר, זע!
ניט אַנדערש, אַ נס האָט געטראָפן!

8

די ציג האָט אַ ווײַלע אַזוי־אַ געוואַרט,
געקוקט אויף דעם וואָלף, אים באַדויערט,
דערנאָך מיט פאַמעלעכע טריט זיך געשאַרט,
געדרייט אַרום אים און געטרויערט.

זי האָט אים באַמעקעט און האָט אים באַוויינט
וואָס ער איז געפאַלן אַ קרבן;
זי האָט אין איר ציגענער אומשולד געמיינט,
אַז ער איז פון הונגער געשטאָרבן.

— פאַרוואָס איז געקומען אים, — האָט זי געפרעגט, —
באַצאָלן מיט טויט פאַר מיין לעבן?
די וועגן פון הימל זיי זיינען פאַרדעקט
מיט סודות פון דיקע געוועבן.

9

דער וואָלף האָט געהערט איר געמאָסטענעם גאַנג,
נאָר האָט פון זיין אָרט ניט גערירט זיך,
ווייל פלוצעם באַפאַלן איז אים אַ פאַרלאַנג
פאַרזוכן דעם טעם פון לא תרצח.

די ציג ווידער — איר — האָט אַ כוח געהיים
געטאָן אַזאַ צי פאַרן בערדל,
אַז זי האָט צעדריגעט די פיס, און אַהיים
אַנטלאָפן איז זי ווי אַ פערדל.

P. S.

אויב זעטיק געמאַכט האָט דעם וואָלף זיין קאַפּריז,
איז דאָ אין דעם ליד ניט פאַרשריבן;
דאָס איינציקע וואָס מיר דערוויסן זיך איז —
די ציג איז אַ גאַנצע געבליבן.

אויגוסט־אָקטאָבער 1957

# דער פוקס און די טרויבן

(אַן אַנטי־פֿאַבל)

עס קען דאָך זיין,
די טרויבן זיינען טאַקע,
ווי דער פוקס האָט דאָרט געזאָגט,
געווען ווי עסיק זויער,
און חוזק מאַכן,
לאַכן נאָך פון אים,
איז כלעבן גאָר ניטאָ פאַרוואָס.

פאַרקערט,
מען דאַרף פאַרשטיין זיין אמת'ן באַדויער
אויף דעם וואָס ער האָט דאָרט אומזיסט
גע'פטר'ט צייט, באַוואונדערט און געשפּרוכט,
געמיינט ער וועט אַזוי פאַרזיסן די אומצייטיקייט
און זויערקייט פון יענע פרוכט.

נאָוועמבער 1957

## דאָס פּיסטערן לאָשיקל 

שטאַמט פֿון מײַנע קינדער־יאָרן און איז בײַ מיר פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדאַריש פֿערדעלע. דאָס וואָרט פּיסטערן מײנט פּילפּאַרביק און מען רעדט עס אַרויס ווי אַ גראַם צום וואָרט פֿליסטערן. דער טשיקאַווער אויסדרוק האָט מסתמא אַ שייכות מיט „אַ גילדן ניקסל און אַ זילבערן פּיקסל", ווי אַ צוגעזאָגטע מתּנה פֿאַר קינדער, וואָס איגנאַץ בערנשטיין דערמאָנט אין זײַנע „שפּריכווערטער".

# דאָס פּיסטערן לאָשיקל

דעם אָנדענק פון מיין מוטער
העניע בת דוד אהרן הכהן ע״ה
נפטרה חמשה־עשר בשבט, תשי״ד

ווען מיר זיינען אַלע געזעסן פאַרטראַכטע,
מיט אָפענע הערצער און אויגן פאַרמאַכטע,
געזוכט אין זכרון דער מאַמעס געזיכט,
וואָס איז אַזוי פּלוצעם, אַזוי אומגעריכט,
אַוועק ווי אַ חלום, געוואָרן פאַרשוווּנקט,
און איבער־גע־איבער געלאָזט אונדז פאַרבענקט
אויף בענקלעך פון שבעה, געבויגן צו דרערד —
מיר האָבן דאָס טופּען פון טלאָען דערהערט.

דער קנויט פון נשמה־ליכט האָט זיך צעברענט,
עס זיינען די שאָטנס אַראָפּ פון די ווענט,
און מיר האָבן אַלע אין ליכטיקן חדר
דערזען אַז מיר זיצן אין קינדערשע קליידער.

די מאַמע, אַ יונגע, זי זיצט אין דער מיט,
דערציילט אונדז אַ מעשה און זינגט אונדז אַ ליד
פון פּיסטערן לאָשיקל, פערדעלע־פערד,
וואָס מיר האָבן איצטער זיין טופּען דערהערט,
דערהערט ווי ער טופּעט קוים־קוים מיט די טלאָען
אַ טאַניץ פון די גרינע אַמאָליקע שעה׳ען:

די **עלטערע** שוועסטער מיט אויגן וואָס גליען,
מיט פרישן געלעכטער און באַקן וואָס בליען —
עס שוועבט אַ געזאַנג אויף איר פּנים צעשטראַלטן,
נאָר עפּעס ווי הינטער אַ פאָרהאַנג באַהאַלטן.
זי לערנט אין שקאָלע (ווי האָט זי נישט מורא?)
איך הער זיך אָפּט אונטער און איך ווער געוואוירע
פון ווערטער טשיקאַווע — אוראָקן, עקזאַמען —
וואָס זי טוט מיט ערנסט דערציילן דער מאַמען.
איר קול איז אַ פידל און וואַרעם איר שפּראַך איז,
דער טאַטע איז שטאָלץ און די מאַמע שעפּט נחת.

דער ברודער נאָך איר איז אַ שטיפער, אַ שפּאַסער,
און אַלץ וואָס ער טוט איז — פאַר פייער, פאַר וואַסער.
„איי, וואַקסט ער אַ שייגעץ!" מ'מורמלט. „נו, מילא!
ער וואַקסט אָבער אויך אַן אַנטיקל, אַ כלי!"
ער איז שוין אַ גרויסער — באַלד ווערט ער בר-מצווה.
מיט שאַרף פון זיין צונג גיט ער עפּעטערס אַ בליץ ווי
עס וואָלט פון זיין מוח געשפּאַרט זיך אַ פייער.
איך הער און די רייד זיינע ווערן מיר טייער.
ער איז שוין אין חדר אַ „קאָפּ" אַ באַוואוסטער.
איך הער און איך שטוין, און ער ווערט מיר אַ מוסטער.

די ייִנגסטע איז חנה, מיט הימל אין אויגן,
וואָס מ׳האָט אונדז געשיקט ווי אַ צייכן, אַ בויגן,
אַ היילונג, אַ טרייסט פאַרן ווייטיק דעם שוואַרצן,
וואָס איבערגעלאָזט האָט ביי יעדן אין האַרצן
דער פריער פאַרשניט פון דער יונגער פרינצעסין,
די שוועסטער וואָס מיר האָבן לאַנג נישט פאַרגעסן:
נאָך איצט זיינען וואַרעם אין האַרצן די טרערן
אויףביילע׳ס פריצייטיק פאַרלאָשענעם שטערן.

יאָ, ייִנגסטע, באַ׳חנ׳טע און גאָלדענע חנה!
מיר דאַכט זיך עס זיינען איר אַלע מקנא
וואָס איר האָט דער הימל געשוינט דעם פאַרלוסט
און זי האָט דעם וויי פון דעם בראָך נישט געוואוסט.
עס האָט איר דער הימל געשוינט און געבענטשט,
מיט שיינקייט און חכמה נאָך קינדווייז געמענטשט.

און איך, וואָס דערצייל די געשיכטע אַצינדער,
געווען בין דער דריטער פון אַלע פיר קינדער,
דער דריטער אין יאָרן, ביי גאָט און ביי לייטן,
(אַ פויגל וואָס פליט צו פאַרבאָרגענע ווייטן),
נאָר יעדער פון אונדז און מיר אַלע צוזאַמען
געווען זיינען ערשטע ביי טאַטן און מאַמען.

די מאַמע האָט אויסגעבעט אונדזערע טריט,
אונטערגעלייגט אירע הענט, ווען געבריט
האָט עפּעס אַ צרה דעם וועג פון די קינדער.
און פּונקט ווי עס שפּירט אין דער פינצטער אַ בלינדער
אַ שטיין צי אַן אַנדערן שטרויכל פונווייטנס,
אַזוי האָט זי שטענדיק דערשפּירט שוין באַצייטנס
די שטורעמס אין אונדזערע הערצער, דעם צאַפּל,
געהיילט אונדזער אַנגסט מיט אַ לידל, אַ פּלאַפּל,
און... ווידער געשיינט האָט די זון אין דעם הימל
פון קינדערשע יאָרן אויף וואַך און אין דרימל.

דאָס פּיסטערן לאַשיקל פון דער לבנה
געוועזן איז די שענסטע און ליבסטע מתנה,
וואָס צוגעזאָגט האָט אונדז די מאַמע בסוד,
אַז ברענגען אונדז וועט עס דער טאַטע פון שטאָט;
נאָר עפּעס האָט שטענדיק אַזוי זיך געמאַכט,
אַז ער האָט עס קיינמאָל צו אונדז נישט געבראַכט.
און דאָך האָבן מיר נישט געפילט זיך גענאַרט,
און ווייטער געגלייבט און געהאָפט און געוואַרט.

ווייל ווי נאָר דער טאַטע פלעגט קומען צופאָרן,
אין שטוב איז אַ שמחה אַזאַ מין געוואָרן,
אַז ס'האָבן די ווענט און דער דיל אַזש געשטראַלט.
מיר האָבן געשפּיגלט זיך אין זיין געשטאַלט,
געשלונגען די מעשיות וואָס ער האָט דערציילט,
די זיסע מתנות וואָס ער האָט געטיילט.
די פרייד האָט געפינקלט אין אַלעמענס אויגן
און איז אַזוי העכער און העכער געשטויגן;
דורך אַלע דריי סעודות געוואָרן געלייטערט,
און נאָך דער הבדלה זיך ווידער צעשייטערט
ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען דער טאַטע האָט ווידער
געלערנט אונדז נייע ניגונים און לידער,
געשפּילט אויף זיין פידל פאַר אונדז און דער מאַמען,
און מיר האָבן אַלע געזונגען צוזאַמען.

און באַלד אין דער פרי, אויפן שוועל פון דער וואָך,
האָט יעדער גאָר אַנדערש באַגעגנט זיין יאָך —
די מאַמע אין מסחר, דער טאַטע אין וואַנדלען,
און מיר ביים צעקייען די ביטערע מאַנדלען
פון תורה און חכמה אין חדר, אין שול,
וואו ס'האָבן אונדז פליגל געהויבן פון שטול
און אַלץ איז געווען אַזוי ליב, אַזוי ניי.

גע**זעטיקט** פון לערנען, ווי פעלדער פון שפריי,
מיר האָבן ביים וועטשערע־טיש יעדע נאַכט
געשמועסט, גע׳חקירה׳ט, געשפּאַסט און געלאַכט,
געשאַרפט זיך די מוחות מיט רעטעניש־שפּיצן,
געלאָבט זיך מיט מעשיות, משלים און וויצן.

און פריילעך געווען איז אַפילו דער בוים,
וואָס איז ביי די פענצטער געשטאַנען אין טרוים,
געקוקט אויף דער יונגער משפחה פאַרטראַכט,
יאָר־איין און יאָר־אויס ווי אַ שומר געוואַכט,
געזען אונדזער פאַל און געזען אונדזער קלעטער,
און אונדזערע לעבנס פאַרצייכנט אויף בלעטער.

**פאַרשוואונדן** געוואָרן איז אָבער די פרייד
ווען ס׳איז די משפחה געוואָרן צעשיידט:
דער טאַטע, די שוועסטער אויף יענער זייט ים און
די אַנדערע קינדער — אַליין מיט דער מאַמען.
געקומען אויף אונדז זיינען יאָרן פון בענקשאַפט
און יאָרן וואָס האָבן געקלעמט אונדז מיט שטרענגשאַפט.
פון אונדזערע טרערן דורך אַלע די יאָרן
דער ים צווישן אונדז איז נאָך טיפער געוואָרן.
דער הימל געוואָרן איז העכער און ברייטער,
און קורץ איז געווען פאַר די תפילות דער לייטער.

אוּן איין מאָל אַ נאַכט, ווען מיר זיינען געשלאָפן,
עס האָט מיטן בוים זיך אַ מעשה פּאַרלאָפן:
ס'האָט טיף אים אין האַרצן געגעבן אַ ברען
דאָס וואָס ער האָט דורך די פענצטער געזען,
אוּן דאָס האָט דעם שומר אַוודאי פאַרלענדט,
אוּן נישט, ווי מען מיינט, ס'האָט אַ בליץ אים פאַרברענט.

אוּן דעמאָלט (געדענק איך) אין ים פון דער נאַכט,
ווען ס'האָבן די צווייגן געפלאַקערט, געקראַכט,
איך האָב אין די פלאַמען דערזען דאָס געשטאַלט
פון פיסטערן לאָשיקל — קלאָר און צעשטראַלט.

ער האָט אונדז באַטראַכט מיט אַ קוק אַזאַ גוטן,
וואָס איז זיך צעגאַנגען אין אונדזערע בלוטן.

זיין קאָפּ און זיין איידל-געשניצטער געשטעל,
זיין גריווע און פאַרביקע, גלאַנציקע פעל,
געהאַט האָבן אַלע דעם זיבעטן חן.
אוּן פונקט אויף זיין שטערן, אין מיטן, אַליין,
אַזוי ווי אַ זון, האָט געפינקלט אַ פלעק —
אַ גאָלדענער סימן פון גאָלדענע טעג.

מיר זיינען געשטאַנען אַזוי ווי פאַרכישופֿט.
דאָס לאַשיקל, פּונקט ווי עס וואָלט זיך גע׳ישוב׳ט,
איז אויך נאָך געשטאַנען אַ ווייל, אַ געשפּאַנטס,
און באַלד — ווי עס וואָלט זיך געגרייט צו אַ טאַנץ —
אַ הייב געטאָן האָט עס אַ פֿוס נאָך אַ פֿוס,
און טאַקע געטאַנצט ווי אַן אמתער סוס.

אין מיטן זיין טאַנצן און בינו־לבינו
געשען איז נאָך איינע אַ מעשה אַ שיינע:

מיר האָבן דערזען אַז מיר שטייען ביים ים,
דער ים איז אינגאַנצן פאַרוויקלט אין פלאַם,
דער טאַטע, די שוועסטער פֿון יענער זייט ברעג
קוקן און האַלטן די הענט אויסגעשטרעקט
און רופן צו אונדז מיט אַ קול אַזוי דין —
מיר זאָלן אָן מורא אַריבער אַהין.

געוואָרן איז באַלד אַ געוויין, אַ געוויין...
„קומט!" זאָגט די מאַמע, „קומט, לאָמיר גיין!"
און מיר האָבן אויסגעשטרעקט אונדזערע הענט
אַריבער די כוואַליעס, וואָס האָבן געברענט.
און ווען פֿון דעם ברענען דער ים איז פֿאַרשוואונדן —
מיט אַלע קאָלירן צעלויכטן, צעצונדן,
געשיינט האָט די זון פֿון דעם לאַשיקלס שטערן,
געטריקנט אין אַלעמענס אויגן די טרערן.

אַ האָן האָט זיך פריידיק און הילכיק צעקרייט,
און ס'האָט אין זיין האַלדז אויך געזונגען די פרייד
פון אונדזער משפּחה אין טאָל פון פרימאָרגן,
וואָס האָט ווי אַ סוד, אויף להבא פאַרבאָרגן
דאָס פּיסטערן לאָשיקל, פערדעלע־פערד,
וואָס מיר האָבן איצטער זיין טופּען דערהערט;
וואָס האָט מיט זיין טאַנץ פון פאַרבאָרגענעם טאָל
געבראַכט אונדז אַ גרוס פון דעם גרינעם אַמאָל,
און פּונקט אַזוי פּלוצעם, אַזוי אומגעריכט,
אונדז ווידער געוויזן דער מאַמעס געזיכט.

מערץ־סעפּטעמבער 1954

# אונטערן בוים

דעם אָנדענק פון מיין פאָטער
חיים ירוחם בן יעקב הכהן ע״ה
נפטר חמשה־עשר באב, תשט״ו

אָט זיצן מיר אַלע אין שאָטן און שווייגן
און הערן דאָס שאָרכן פון בלעטער אויף צווייגן,
דעם גרינעם געמורמל פון בוים, דעם געדענקער;
און יעדער פון אונדז ווערט אַ טרוימער, אַ בענקער
נאָך זומערס, נאָך יאָרן, וואָס זיינען פאַרשוואונדן
אין ים פון פאַרלאָשן־געוואָרענע שטונדן.

דער בוים קוקט אונדז אָן מיט אַ וויסיקן שמייכל.
זיין שטאַם איז געוואָרצלט מיט קאָרבן פון שכל.
ער קוקט און דערקענט די פאַרטונקלטע אויגן,
ער לייענט די מאַסקעס, וואָס זיינען פאַרצויגן
געוואָרן אויף אונדזערע מידע געזיכטער,
און צינדט־אָן אַ ליד אין דעם האַרץ פון דעם דיכטער.

דאָס ליד שפּאַנט אונדז אויס פון דעם טעגלעכן וואָגן,
מיר הייבן זיך אויף און מיר ווערן פאַרטראָגן,
געוויגט און געטראָגן אַזוי ווי אויף פליגל.
דער שטאַם פון דעם בוים גיט אַ בליאַסק ווי אַ שפּיגל
און נעמט אונדז אַריין אין אַ וועלט פון געשטאַלטן,
וואָס זיינען געווען אין זכרון באַהאַלטן.

פון בוזעם צעפּליען זיך פייגעלעך סטאַיעס
מיט מאָדנעם געשריי און משונה העוויות.
זיי פליען אַוועק ווי באַליידיקטע געסט און
זיי לאָזן דעם בוזעם מיט ליידיקע נעסטן.
מיר קוקן זיי נאָך, ווי זיי ווערן פאַרשוואונדן,
און זוכן אַ היילונג פאַר אונדזערע וואונדן.

— וואָס זיינט איר פאַרטרויערט אַזוי און וואָס שטייט איר? —
דערהערט זיך דער רוף פון אַ שטים אַ דערפרייטער;
און באַלד עס באַווייזט זיך פאַר אונדזערע אויגן
אַ מענטשל וואָס איז ווי אין דרייען געבויגן,
אַ נפש אַ גרינער פון קאָפּ ביז די פיסלעך,
אַחוץ זיינע אויגן ווי האָזענע ניסלעך.

אין איין האַנט אַ שטעקל ער האַלט, ווי אַ שווערדל,
און קראַצט מיט דער צווייטער זיין גרין-האָריק בערדל.
זיין קאָפּ איז באַקרוינט מיט אַ היטל אַ דינעם —
אַ מיצל אַ רויטס מיט אַ קוטעס אַ גרינעם;
דאָס פנים צעקנייטשט איז און נוס-ברוין ווי קאָרע,
און דאָך שוועבט אַן אַדל אויף אים פון אַ שררה.

— זייט מוחל, ר׳ קרוב מיר ווילן אייך פרעגן, —
פֿאַרנייגט זיך דער דיכטער און טראָגט אים אַנטקעגן
אַ פריינטלעכן שמייכל און גיט אים אַפּ שלום.
— מיר ווילן אייך בעטן, פֿאַרטייטשט אונדז דעם חלום
און זאָגט אונדז וואָס־גיכער און טוט אונדז באַשיידן
מיט וועמען מיר האָבן דעם כבוד צו ריידן.

— וואָס איילט איר אַזוי, וואָס, און האָט נישט קיין צייט שוין?
דער חלום ער וועט זיך אַליין שוין פֿאַרטייטשן
וואָס־לענגער איר וועט דאָ ביי מיר זיך פֿאַרזאַמען.
און דו, ליבער פריינד, וואָס דו מאַכסט דאָ די גראַמען,
דו דאַרפסט אַוודאי אַזוי־אַ נישט גאַרן
דעם שלייער פון חלום אַרונטערצושאַרן.

די לעצטע דריי שורות, כמעט מיט באַדויער,
זאָגט מיר דאָס מענטשל בסוד אויפן אויער
און דריקט מיר די האַנט ווי אַ חבר אַן אַלטן.
און באַלד, מיט אַ פריילעכן פנים צעשטראַלטן
און אויגן וואָס גליען אַזוי ווי די שטערן,
ער זאָגט אין דער הייך שוין, אַז יעדער זאָל הערן:

— זייט ווין און נעמט עס אַריין גוט אין זינען,
אַז דאָ וואו איר טוט זיך אַצינדערט געפינען,
געפינט איר זיך שטענדיק, נאָר אָן אייער וויסן:
דער טעגלעכער שלייער מוז ווערן צעריסן
און ס׳מוז אייך אַ שלייער פון חלום באַדעקן,
כדי אייך דעם אמת פון זאַכן אַנטפּלעקן.

— און ער, — ווייזט ער ווידער אויף מיר מיט אַ פינגער, —
דער וועבער פון וואָרט און פון חלום דער זינגער,
וואָס היילט זיך מיט קלאַנגען און כישוף פון ווערטער,
אויך ער ווייסט נישט אָפט און דערקענט נישט די ערטער
און עפנט נישט שטענדיק די ריכטיקע טירן,
וואוהין דאָס באַשערטע געזאַנג טוט אים פירן.

— אויך איצט, — זאָגט ער, — ציטערט זיין האַרץ ווי אַ האַרף און
ער פילט, נאָר ער ווייסט נישט, אַז איך בין דער שר פון
דעם בוים פון געזאַנגען, וואו איר האָט אַצינדער,
מיט ריינע כוונות און האַרציקייט בלינדער,
פאַרקליבן זיך לעשן דעם דאָרשט פון דער בענקשאַפט
פאַנאַנדער צו רוקן די ווענט פון דער ענגשאַפט.

— און איצט אַז איך וויים? — פרעגט דער דיכטער געלאַסן.
(געלאַסן? עס רעדט זיך אַזוי. פון זיין בלאַסן
געזיכט קען מען זען, אַז זיין האַרץ איז אין שטורעם,
אַז ס׳איז די אַנטפּלעקונג פאַר אים ווי אַ טורעם
פון פּלוצעמדיק ליכט, וואָס זיין וואָרעמער שמייכל
פאַרוואַנדלט אַ פינצטערע הייל אין אַ היכל.)

פאַרזשמורעט דאָס מענטשל די אויגן אַ ביסל.
— אַצינד, — זאָגט ער, — האָסטו דעם ריכטיקן שליסל.
דאָס טירל דאָס ערשטע דו האָסט שוין געטראָפן.
נישט זיי אָבער להוט אַזוי נאָך דעם סוף פון
דער מעשה, וואָס האָט דאָ גענומען איצט גליען,
צעשפרייט ערשט די פליגל און גרייט זיך ערשט פליען.

— איך האָב נאָך צו ווייזן אייך זאַכן טשיקאַווע,
אַ שטייגער, למשל, די גאָלדענע פאַווע,
וואָס קען נישט פאַרגעסן דעם גאָלדענעם פעדער,
וואָס זי האָט פאַרלוירן פון יענער זייט גדר.
אָט גייט זי און רירט נישט כמעט אָן דעם באָדן,
אין בענקעניש גרויסער, פאַרטיפט אין איר שאָדן.

— זי גייט און זי האַרכט זיך אַלץ איין צו די קלאַנגען
פון לידער און תפילות און ליבע־געזאַנגען,
וואו דיכטער, דורך דורות, באַזינגען מיט טרערן
און ווילן פאַרהיילן מיט זילבער פון שטערן
און ווילן פאַרשטילן אין הארצן דעם יאָמער,
די בענקשאַפט נאָך דעם וואָס געווען און נישטאָ מער.

— איך וויל אייך אויך ווייזן, איר וועט עס דערקענען,
אַט גייט עס און טוט איצט אַהערצו גענענען,
דאָס ציגעלע ווייסע ביי אייערע וויגן,
וואָס מאַמעס מיט ווייכן פאַרחלומטן ניגון
און פשוטע ווערטער ווי שיין פון לבנה,
געבראַכט האָבן יעדן פון אייך אַ מתנה.

און טאַקע פאַמעלעך, אויף באָדן באַגראָזטן,
מיט טריטעלעך קליינע אַזוי ווי געמאָסטן,
עס קומט־אָן דאָס ציגעלע, שטעלט זיך אַנידער.
מיר קוקן זיך אָן און דערקענען זיך ווידער.
די פּים ווערן גרינג, אין די אויגן ווערט לויטער,
דער הימל ווערט בלויער, די זונשטראַלן רויטער.

דאָס ציגעלע קוקט מיט אַ בליק אַזאַ פרומען,
דער טעם פון אותיות קומט אויפן גומען,
און אויסטערליש ליב און געשמאַק איז דאָס מאכל ;
פון סידור, וואָס ציטערט און שווימט ווי אַ טייכל,
עס ציט זיי דער רבי אַרויס אַזוי שפּיציק
מיט ביינערנעם טייטל, וואָס שפּרינגט אַזוי בליציק.

דער אלף־בית פליט אונדז אין מויל און מיר עסן.
דאָס ציגעלע רוקט זיך אַוועק ווי פאַרגעסן,
ווערט ווייט אַזוי, ווייט אַזוי, קלענער און קלענער ;
זיין לידל פאַרבלייכט, און גאָר אַנדערע טענער,
וואָס רוישן און רעגן אין בלוט מיט באַגערן,
מיר הערן און הערן און הערן און הערן.

אַט שטום ווי אַ סוד, ווי אַ שטילקייט אַ דינע,
וואָס הויערט אַ גרינגע אויף וואַסערן גרינע,
און אַט ווי אַן אומרו, אַ ווינט אַ פאַרשייטער,
וואָס איילט איבער כוואַליעס פון ים ווי אַ רייטער —
מיר הערן די קולות, און יעדער באַזונדער
פאַרטייטשט זיי מיט אייגענע ווערטער און וואונדער.

עס קומט אונדז אַנטקעגן אַ טאָל אַ געהיימער,
פאַרשאָטנט מיט וועלדער פון פינצטערעביימער,
פאַרכאַפּט אַזש דעם אָטעם און נעמט־אָפּ ביים אויער
דעם כּוח צו הערן אין נאַכטיקייט בלויער
דאָס ליד פון אַ וואַנדלער מיט אויגן פאַרטראַכטע,
וואָס זינגט וועגן סודות נאָך קיינמאָל געדאַכטע.

דער טאָל שלינגט אונדז איין און מיר ווערן פאַרפאַלן
און קומען פאַרקלעמטע צו ביטערע קוואַלן.
נאָר פּלוצעם פאַרפלייצט אונדז אַ ליכטיקער רעגן,
וואָס ווייזט ווי דער טאָל קומט אונדז ווידער אַנטקעגן,
פאַרכאַפּט אונדזער בענקשאַפט און שלינגט אונדז איין ווידער
צו הערן דעם סוד פון דעם טאָל־וואַנדלערס לידער.

אַזוי־אַ, אָן אויפהער, מיר ווערן געצויגן,
באַצויבערט פון טאָל, וואָס פאַרבלענדט אונדז די אויגן,
פאַרשלינגט אונדז און קומט אונדז אַנטקעגן כּסדר
מיט צוזאָג מיט נייעם און ווערט דער פאַרפריידער
פון טרערן און האַרצוויי און שטומע באַגערן
צו זינגען די שירה, וואָס אייביקט אין שטערן.

אין מיטן דערינען דערהער איך דאָס קול פון
דעם מענטשל און זע ווי ער שטייט פאַר אַ וואָלף און
אַ שטרענגער ער האַלט אים געצוימט מיט זיין שווערדל.
פון ברען איז אַזש גרינער געוואָרן זיין בערדל.
אַ שאָפּענער פעלץ, אַזאַ ווייסער און ריינער,
עס וואַלגערט זיך לעבן דעם וואָלף אויף די שטיינער.

איך קוק אויף דעם מענטשל און זע ווי ער ציטערט,
זיין פּנים איז שאַרף און זיין קול איז פאַרביטערט:
— אַ רעטעניש, — זאָגט ער, — אַ רעטעניש, כלעבן!
ווי קומסטו אַהער און ווער האָט דיר געגעבן
רשות צו באַטרעטן דעם באָדן פון שירה?
וואָס ווילסטו דאָ האָבן אין הויז פון דער לירע?

— וואָס האָסטו געמיינט, אַז דער פעלץ וועט דיך שיצן?
כ׳האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז אַ וואָלף האָט ליב וויצן.
פאַרנעם זיך און גיי, — שרייט דאָס מענטשל, — פאַרנעם זיך!
איך האָב דאָ איצט טייערע געסט און איך שעם זיך.
כ׳האָב צוגעזאָגט זאַכן טשיקאַווע זיי וויזן,
נאָר נישט מיינע גרייזן, נאָר נישט מיינע גרייזן.

דער וואָלף לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ אַ פאַרשעמטער
און ענטפערט און רעדט מיט אַ שטים אַ צעקלעמטער:
— צי ווייסטו נישט, — זאָגט ער, — דו האַר פון געזאַנגען,
אַז יעדער באַשעפעניש האָט די פאַרלאַנגען
זיין האַרץ זאָל אַ פּלי טאָן אויף פליגל פון שירה?
...אַ הונגער געטריבן האָט מיך אין דיין דירה.

— וואָס מיינסטו, דאָס האַרץ פון אַ וואָלף איז פון אייזן?
איך בין נישט קיין ווילער. און ווילסטו נישט גרייזן,
איך בעט דיך, אדוני, דו זאָלסט מיר געטרויען, —
צעוויינט זיך דער וואָלף אויפן קול און נעמט וואָיען.
נאָר פּלוצעם זיין קול ברעכט זיך איבער און קרעקעט,
ער וואָיעט נישט מער, אונדזער וואָלף, נאָר ער מעקעט.

מ'זעט אַז ער וויל, נאָר ער קען נישט פאַרהאַלטן
דאָס מעקען, וואָס רייסט זיך פון אים איבער גוואַלט, און
עס ברענען די אויגן ביי אים ווי די קוילן.
דאָס קול פון אַ שאָף קומט אַרויס פון זיין מויל, און
אַ מע, אַ געבעט, אַזאַ אומעט אַ ריינער,
דערטראָגט זיך צו אונדז דורך די וועלפישע ציינער:

— ער האָט מיך דערשטיקט, — זאָגט דאָס קול, — און געפּרעסן,
האָב איך אים געשיקט, אַז מ׳זאָל נישט פאַרגעסן,
און כ׳רעד איצט אַרויס פון זיין גאָרגל מיין טענה.
די פעל וואָס ער האָט דאָ געטראָגן, איז מיינע,
און מיינע עס זיינען די בלוטיקע טרערן,
וואָס ער טוט דאָ וויינען און איר טוט זיי הערן.

— און מיינער איז אויך דער פאַרלאַנג דאָ צו זינגען.
געמיינט האָט דער פרעסער, אַז ער טוט פאַרשלינגען
אַ שאָף און ניט מער, נאָר ער האָט ניט געטראָפן.
עס זיינען אַריין אין אים אַנדערע שטאָפן:
אין אים איז אינאיינעם מיט מיינע געשרייען
אַריין מיין געזאַנג, וואָס ער קען ניט פאַרדייען.

— מיין גוף איז פון שטויב און צו שטויב וועט ער קומען,
מיין ליד אָבער, וויל איך, זאָל אייביק דאָ ברומען,
דערזינגען, דערזאָגן די שטומע באַגערן,
פאַרפריידן דעם טרויער פון האַרצן און ווערן
אין בוים פון געזאַנגען אַן אייביקער ניגון, —
דער מע לאָזט זיך אויס און דאָס קול ווערט אַנטשוויגן.

— און איצט, — זאָגט דער וואָלף, — אַז דער סוד איז שוין אָפן,
דו האָסט שוין באַקומען דאָס ליד פון דער שאָף און
כ׳האָב אָפּגעטאָן מיינס, ווי מ׳האָט מיר געבאָטן,
איך האָף אַז איר וועט דאָ ניט לאַכן, ניט שפּאָטן
פון מיר וואָס איך וואַרט און איך הער ניט אויף שטוינען:
צי בין איך ניט ווערט אַז מ׳זאָל מיך באַלוינען!

די וועלפּישע רייד הייבן־אויף אַ געוויטער,
די ערד־זיילן גיבן אַ וואַקל, אַ ציטער,
דער הימל ווערט גרוי, מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן.
דאָס מענטשל שטעלט־אָן אויף דעם וואָלף זיינע אויגן:
דער וואָלף פאַלט אַוועק מיט פאַרשטשירעטע ציינער,
בלייבט ליגן אַ הויפן, אַ הויפן פון ביינער.

מיר שטייען געפּלעפּטע און וואַרטן און וואַרטן
און הערן אַ טרייסט פון אַ קול אַזאַ צאַרטן,
וואָס לייטערט דעם הימל אויף שטאַרע געזיכטער.
מיר קוקן צום מענטשל, מיר קוקן צום דיכטער,
נאָר ווייסן מיר קענען נישט ווער פון זיי ביידן
עס טוט די געלייטערטע רייד צו אונדז ריידן:

— די גאָלדענע פּאַווע, דאָס ציגעלע ווייסע,
דער טאָל און דער וואָלף און די שאָף פון דער מעשה,
וואָס איר האָט געזען דאָ אין בוים פון געזאַנגען,
זיי ווערן אַצינד מיט אַ פאָרהאַנג פאַרהאַנגען,
נאָר מער ווי ביז איצט, מיט אַנטפּלעקונג באַנייטער,
זיי וועלן אייך נאָכגיין אַלץ ווייטער און ווייטער.

עס פּליסן די רייד ווי אַ טייכל און רוישן,
און באַלד מיר דערקענען, דערהערן געניי שוין
די רייד פון דעם מענטשל, ער רעדט צו דעם דיכטער:
— דער סוף פון דעם ליד איז אַזאַ אומגעריכטער
פאַר מיר ווי פאַר דיר; און נישטאָ איז קיין צייט שוין
איך זאָל דיר דיין רעטעניש קענען פאַרטייטשן.

— עס שליסט זיך אין מיטן דערינען דער קרייז און
איך האָב נאָך אַזוי פיל געהאַט דיר צו ווייזן.
אַ וואונדער-וואָרט האָב איך פאַר דיר, אַ מציאה,
נאָר דאָס לייג איך אָפּ אויף אַ נייער נסיעה;
איך האָב דיר דאָס וואָרט שוין געוויזן אין חלום.
לעת-עתה מיר שיידן זיך, גיי מיר לשלום.

— נאָר איידער עס עפנט זיך ווידער דער טויער,
איך וויל דיר נאָך זאָגן אַ סוד אויפן אויער:
דער וועג אויף צוריק איז אַ וועג צו פאַראויסן.
און איידער דו לאָזט זיך אַרויס אין דעם דרויסן,
גיי טיפער אַראָפּ, ווי עס האָט דיך געראָטן
די חכמה פון אים, וואָס איז איצט שוין אין שאָטן.

די וועלט אין דעם בוים איז אַ טיפע, אַ ברייטע.
מיר גייען אַראָפּ אין די וואָרצלען געדרייטע,
וואו ריח פון בשמים דערקוויקט און פאַרשיכורט.
די וואונדן פאַרהיילן זיך באַלד — און דער עיקר —
ביי יעדן צעברומט זיך אַ ליד אין דעם גאָרגל,
אַ ניגון וואָס רוישט און באַרוישט ווי אַן אָרגל.

דער ניגון איז אַלט, נאָר זיין טעם איז אַ נייער.
ער קומט פון דער טיף און ער גליט ווי אַ פייער,
ער פירט אונדז אַהיים מיט אַ בענקשאַפט אַ ליבער,
ער גלעט־אויס דעם וועג און ער פירט אונדז אַריבער
די גריבער פון צווייפל אויף זיכערע בריקן,
און אייביק ווי הימל אויף ערד איז דער תיקון.

*יולי 1955—יאַנואַר 1956*

# אויפדעקונג

עס ווייַנט די משפּחה און קוקט אויף די שטיינער —
אַ שטיינערנע מאַמע, אַ שטיינערנער טאַטע —
וואָס קוקן פאַרגליווערט צוריק אויף די וויינער,
מיט פּנימער שטיינערנע, ליידיקע, גלאַטע.

עס שטייען צוויי זין און צוויי טעכטער פאַראומערט,
דערוואַקסענע מענטשן, און וויינען ווי קינדער;
ווי ביימער פאַרטראַכטע ביים שוועל פון סוף־זומער,
זיי זוכן דעם פרילינג פון חלום אַצינדער.

זיי האָבן געוואוסט אַז די ווייסקייט פון ליילעך
פאַרדעקט דאָך נישט מער ווי אַ שטיינערנעם סימן
פון נאָנטשאַפט, וואָס איז שוין אַוועק אַזאַ מהלך,
פון טייערע פּנימער, אויגן און שטימען;

און דאָך האָט ביי יעדן פון זיי אין מחשבה
געפלעמלט אַן אפשר אויף עפּעס אַ וואונדער,
ביי יעדן אין הארצן גערעדט האָט אַ נביא
און צוגעזאָגט עפּעס פאַר יעדן באַזונדער.

עס האָבן די רייד פֿון דעם נביא אין הארצן
געמאָלן אַ בילד פֿון פאַרוואָרטע פאַרלאַנגען,
וואָס וועט זיך אַנטפּלעקן, ווען ס'וועט זיך פאַרשאַרצן
דער ליילעך וואָס איז אויף די שטיינער פאַרהאַנגען.

עפּענען וועט זיך דער גאָלדענער טויער
פֿון גאָרטן וואָס איז אין זכרון באַהאַלטן,
און אַ פאַרטאָגיקער הימל אַ בלויער
וועט אונדז באַלייכטן די ליבע געשטאַלטן.

דאָס פּיסטערן לאָשיקל, וואָס איז פאַרבאָרגן
אין גאָרטן פֿון אונדזערע ערשטע פאַרלאַנגען,
מיט אַלע קאָלירן פֿון ערשטן פרימאָרגן
און מיט אַ גרינגשאַפט פֿון ערשטע געזאַנגען —

דאָס טייערע לאָשיקל וועט זיך באַווייזן,
און פּשוט אַזוי, ווי אַצינד איך דערצייל אייך,
עס וועלן ביי יעדן פאַרשווינדן די גרייזן
און ס'וועט זיך צעזינגען אין הארץ אַזוי פריילעך

דער טרייסטער, דעם טאַטנס אַמאָליקער פידל,
דער שטראַליקער זינגער פֿון אונדזער משפּחה,
וואָס האָט מיט זיין פריילעך און וויינענדיק לידל
פאַרגיטיקט דער מאַמען איר שווערע מערכה.

נאָר אָט איז פאַרשוואונדן דער שנייאיקער קיטל,
און ס׳האָבן די שטיינער געגומען דערזאָגן —
יעדער באַזונדער דאָס לעצטע קאַפּיטל,
וואָס איז אין דעם קבר געוואָרן פאַרטראָגן;

און סודות, ווי פייגל באַפרייטע פון שטייגן,
עס האָבן געשוועבט אַרום אונדז אין אַן עיגול,
און זיינען אַריין מיט אַ ציטערדיק שווייגן
אין אונדזער געמיט און געגעבן אונדז פליגל.

מיר זיינען געשטאַנען און האָבן פאַרנומען
די לעצטע ירושה, וואָס עלטערן גיבן
אַוועק צו די קינדער, וואָס זיינען געקומען
פאַרנעמען דאָס טייערסטע וואָס איז געבליבן.

און ווען ס׳איז דער ליילעך אַראָפּ פון די שטיינער,
איך האָב אויף די פּנימער פון די באַווייינער
דערקענט טאַטע-מאַמע, געלייענט דעם חלום
פון העניע די טאָכטער פון אַהרן הכהן
און חיים ירוחם בן יעקב הכהן — עליהם השלום.

אָקטאָבער־דעצעמבער 1956

# ציגעלע מיגעלע

(תש״ה)

גײט דאָס ציגעלע,
זינגט אַ ניגעלע,
גײט אַרום פֿון װיג צו װיגעלע,
גײט מיט לידער פֿרײדיק.
— װײ, װאָס טוט זיך דאָ!
װײ, װאָס גוץ איך דאָ!
אַלע װיגן — לײדיק.

שװעבט דאָס ציגעלע
װי אַ פֿליגעלע,
װיגט זיך אין אַ װינטיק װיגעלע,
זוכט אויף אַלע װעגן.
זעט דאָס ציגעלע
װי אַ שפּיגעלע
שטײט אים דאָרט אַנטקעגן.

קוקט דאָס ציגעלע
אין דעם שפּיגעלע,
זעט עס דאָרט אַ ציגעלע מיגעלע
מיט פֿאַרװײנטע אויגן.
זאָגט דאָס שפּיגעלע:
װײן ניט, ציגעלע,
ס׳קומט אַ רעגנבויגן.

שטעלט זיך ציגעלע
מיט זײַן ניגעלע
װאַרטן אונטער יעדער װיגעלע,
װאַרטן מיט זײַן סחורה:
נײַע ײנגעלעך,
נײַע ציגעלעך
דאַרפֿן לערנען תורה.

פֿעברואַר, 1945

## דאָס גאָלדענע פישעלע

דאָס גאָלדענע פישעלע שווימט אין דער טיף
און ווייסט נישט אַז אויבן עס זעגלט אַ שיף.

מיינט עס ס׳איז פינצטער געוואָרן דערפאַר
וואָס ס׳איז שוין פאַרגאַנגען דער טאָג ; אָט אַ נאַר !

וויל עס שוין איילן צו לייגן זיך שלאָפן,
באַלד אָבער זעט עס אַז ס׳האָט נישט געטראָפן :

אַריבער די שיף — און אַריבער די נאַכט !...
דאָס גאָלדענע פישעלע האָט זיך צעלאַכט.

מאַי 1955

# חלום עליכם

אָדער

# אַ קשיא אויף אַ מעשה

שפּיל פאַר אַ באַלעט אין 3 אַקטן
מיט אַ פּראָלאָג, אינטערמיסיע,
אינטערמעצאָ, אינטערלוד און עפּילאָג

# IV

די וועלט איז אַ חלום
מיט טיפע משלים,
אַ מעשה וואָס לאָזט זיך ניט אויס

# חלום עליכם

פּראָלאָג — די מעשה הייבט זיך אָן

אינטערמיסיע — אַ וואָרנונג

ערשטער אַקט — אין חלום

1) אוידער בוידער
2) אַ וויזיע
3) צעטיילונג
4) ווער איז ווער

אינטערמעצאָ — דער אמתדיקער מזמור

צווייטער אַקט — צוריק אין חלום

1) פּראָצעסיע
2) דער בדחן
3) צום גט

אינטערלוד — די קאַפּריזנע העלדן

דריטער אַקט — צום דריטן מאָל אין חלום

1) ר׳ טרייטל דער 2טער
2) צו דער חופּה
3) דעם בדחנס לידל
4) שיר השירים
5) די חופּה
6) אַ זון מיט אַ רעגן
7) דער פייערדיקער טאַנץ
8) נאָך דעם קאַראַהאָד
9) חלום עליכם
10) אָפּשייד

עפּילאָג — אַ קשיא אויף אַ מעשה ,

אַ ליד צו דעם מיין

# די העלדן

נאַראַטאָר
ר׳ טרייטל מלמד
14 קינדער
דעם רבינס טייטל
2 בערן
פּרינצעסין שולמית
ר׳ טרייטל דער 2טער
אַ ייד מיט אַ שופר
אַ סופר
3 דיינים
4 יונגען
אַ בדחן
די רביצן
3 קלעזמער
אַ לץ
אַ צווייטער
אַ דריטער
פּאָס
סמיטשיק
אַ דאַמע
קאַמזויל
איינער
אַ ווײנער
אַ ייד
צווישנרופּערס
אויפּפּאַסערס
עולם

# חלום עליכם

פּראָלאָג

## די מעשה הייבט זיך אָן

**נאַראַטאָר**

לאָמיר דערציילן די מעשה כסדר:
אָט איז אַ שטוב און אָט איז אַ חדר.
זיצט אַ מלמד אין חדר אַצינדער
און לערנט דאָרט תורה מיט יידישע קינדער.

ער ווייזט זיי אַן א׳, אַ ב׳ און אַ ג׳...
און פּלוצעם, אינמיטן, באַפאַלט אים אַ דרימל.

— אַוועק! — שרייט דער רבי, — אַוועק! לאָמיך אָפּ! —
נאָר ביסלעכווייז לאָזט ער אַרונטער דעם קאָפּ,
ער שליסט־צו די אויגן, דאָס מויל ווערט אַנטשוויגן,
דער דרימל פאַרוויגט אים און זינגט אים אַ ניגון,
פאַרשלעפּט אים ווי דלילה האָט שמשון הגיבור.

זיצן די קינדער און קוקן זיך איבער,
זיצן אַ ווײַלע און קוקן און קוקן
און... נעמען זיך אײַנציקווייז רוקן און רוקן
אַפּער פון דעם טיש און אַרוים פון דעם חדר,
אַרוים פון דער שטוב און זיי לויפן. נאָר איידער,
ס׳הייסט איידער די קינדער דערגרייכן די וועגן,
קומט זיי דאָס טייטל, דעם רבינס, אַנטקעגן
און גיט זיך אַ צי אין דער לענג ווי אַ שטאַנג,
גיט זיך אַ וואָרף אויף דער ערד ווי אַ שלאַנג,
פאַרשטעלט זיי דעם וועג, לאָזט זיי נישט גיין.

בלייבן די קינדער דערשראָקענע שטיין,
טוליען זיך איינער צום צווייטן ווי שאָף,
זאָגן אַ תפילה — פון א׳ ביז ת׳:

א, ב, ג —
גרויסער גאָט אין הימל.

ד, ה, ו —
עס בעטן דיינע שאָף.

ז, ח, ט —
זאָל געשען אַ נס.

י, כ, ל —
העלף אונדזער מלמד.

מ, נ, ס, ע —
אוי מיר בעטן און מיר שרייען.

פּ, פֿ, צ, ק —
הער אין הימל אונדזער רוף.

ר און ש און ת
וועק דעם רבין אויף פון שלאָף.

נאָך דעם געבעט וואָס איר האָט דאָ געהערט,
גיט זיך דאָס טייטל אַ הייב פון דער ערד.

אַ שפרונג און אַ טאַנץ און אַ פלי און אַ דריי —
שטעלט ער זיך אָפּ פאַר די קינדער, און זיי
קוקן אויף אים מיט פאַרחידושטע אויגן.
ער שטייט אַזאַ הויכער, דעם קאָפּ אָנגעבויגן,
און רעדט אַזוי סודותדיק, שושקעט און בעט זיך:

— עס טוט זיך נישט פונקט אַזוי גרינג ווי עס רעדט זיך.
טייערע קינדער, איר שרעקט זיך, איך ווייס,
נאָר האָט נישט קיין מורא און טוט וואָס איך הייס.
מיר טאָרן דעם רבין נישט לאָזן אַליין.
איך וועל אייך פירן! קומט, לאָמיר גיין!

זאָגן די קינדער: — מיר גייען! מיר גייען!
און לאָזן זיך גיין נאָך דעם טייטל אין רייען.
זיי שפּאַנען און שפּאַנען, דאָס טייטל פאָרויס,
ביז זיי דערגרייכן די טיר פון דעם הויז.

— אַריין! — שרייט דאָס טייטל און שטורעמט די טיר,
נאָר קען זי נישט גיבן אַפילו קיין ריר,
פונקט ווי אויף שלעסער אויף זיבן פאַרשלאָסן.

טראַכט ער אַ ווײַלע און רופֿט אויס אַנטשלאָסן:
— דעם וועג צו דעם רבין פֿאַרשטעלן טייוואָלים!
מיר וועלן דעריבער אַרײַן אין זײַן חלום!

— אַרײַן אין זײַן חלום? וואָס ביסטו פֿון זינען?
ווי קען מען די טיר פֿון אַ חלום געפֿינען?
ווי קען מען געפֿינען אַ זאַך וואָס נישטאָ איז?
צי מאַכסטו נישט, טייטל, דאָ עפּעס אַ טעות? —
פֿרעגן די קינדער מיט מורא און חשד.

— זאָרגט זיך נישט, קינדערלעך, — ענטפֿערט ער, — שאַט!
אָט מאַך איך אַ רעדל פֿאַר אײַך אין די אויגן
און שטעל זיך אַוועק אין דער מיט ווי אַ בויגן.
הערט אויס מיט קאָפּ און געדענקט גוט מײַן עצה:
זאָל אײנציקווײַז יעדער אַרויף אויף מײַן פּלייצע,
און באַלד ווי ער טוט עס, ער וועט זיך בשלום
אַרײַנגליטשן גלײַך צו דעם רבין אין חלום.
און תיכף דערנאָך וועל איך אויך דאָרטן זײַן.
נו, רירט זיך! געגאַנגען זאָל ווערן! אַרײַן!

אינטערמיסיע

# אַ וואָרנונג

**נאַראַטאָר**

דאָ פאַלט דער פאָרהאַנג אַרונטער געוויכטיק.
די בינע פאַרשווינדט. אין טעאַטער ווערט ליכטיק.
דער עולם קומט צו-זיך, שטייט-אויף פון די ערטער,
מ׳כאַפּט-אָפּ דעם אָטעם, מ׳רעדט אַ פּאָר ווערטער,
מ׳גייט וואו מ׳דאַרף און מ׳קומט באַלד צוריק
דערפרישטע און גרייט צו געניסן דאָס שטיק.

און איצטער אַ וואָרנונג: געדענקט אַז אַ חלום
פירט זיך איינגאַנצן לויט אַנדערע כללים,
און אויב ס׳איז דאָ עפּעס נישט גלאַט, ווי אומיסטן,
פאַרדענקט נישט דעם שרייבער און נישט די אַרטיסטן.
איר מעגט עס מיר גלייבן — זיי זיינען נישט שולדיק.

דעריבער פאַרהאַלט אייך מער-ווייניק געדולדיק.
באַלד ווי דער פאָרהאַנג וועט אָפּגעשיילט ווערן,
מיר וועלן דעם חלום דאָ זען און אויך הערן.
איך זאָג אייך: דער מיין וואָס אין חלום טוט שטעקן,
וועט צווישן די שורות זיך מוזן אַנטפּלעקן.
דער מיין וועט ווי בוימל אַרויס אויפן וואַסער —
אַזוי האָט בפירוש געזאָגט דער פאַרפאַסער.

ערשטער אַקט

# אין חלום

**אוידער בוידער**

— אָט זיינען מיר אַלע אין חלום שוין, נו? —
זאָגן די קינדער צום טייטל.
— נאָר וואו זשע, אוי נו זשע, אוי וואו זשע, אוי וואו,
וואו איז דער רבי ר' טרייטל?

— וואָס מיינט איר „וואו איז ער"? אָט איז ער, ער גייט,
ער שוועבט ווי אויף פליגל געטראָגן! —
ענטפערט דאָס טייטל און שלינגט אַזש די רייד,
— רבי, מיר ווילן אייך זאָגן...
מיר ווילן אייך זאָגן איר זיינט נישט אַליין,
שטאַרקט זיך און האָט נישט קיין מורא,
מיר זיינען געקומען אייך נעמען אַהיים
צוריק צו דעם טיש פון דער תורה!

באַטראַכט זיי דער רבי פון קאָפּ ביז די פיס,
זיין בליק אַזוי פרעמד און אומענדלעך,
ער עפנט דאָס מויל ווי צו גיבן אַ ביס
און רעדט אַזוי ווילד, אומפאַרשטענדלעך:

— וואָס ווילט איר דאַ־יתאַ,
אין דער־אַ שעה־יתאַ,
ביי מיר אין קאָפּ־יתאַ?
שוין טראָגט זיך אַפּ־יתאַ!
פאַרנעמט זיך, גייט־יתאַ,
געזונטערהייט־יתאַ!

— וואָס רעדט ער, דער רבי, וואָס קען ער דאָ מיינען? —
ווערן די קינדער דערשראָקן און וויינען,
און קוקן צום טייטל און פרעגן פאַרחידושט:
— וואָס איז דאָס? ס'איז יאָ און ס'איז דאָך נישט קיין יידיש?

— וואָס אַרט אייך? ס'וועט רעכט זיין! — פאַרנייגט זיך דאָס טייטל
און רופט-אויס: — וואָס טוט זיך דאָ?... רבי!... ר' טרייטל!
באַרעכנט זיך, רבי! אוי רביניו ליבער... —
נאָר יענער צעשרייט זיך און שלאָגט אים באַלד איבער:

— אוידער-יתאָ, בוידער-יתאָ,
לשון קוידער, קוידער-יתאָ,
רעד איך איצטער,
בעט דיך איצטער:
נעם זיי, טייטל, גיי דיר-יתאָ,
גיי צוריק אין חדר-יתאָ,
און דער רביצן לאָז גריסן!
טו עס, טייטל, אָן געדרודער,
וואָס איך מאַך און וואָס איך טו דאָ
קיינער-יתאָ
גאָרנישט-יתאָ
טאָרנישט-יתאָ
וויסן!

— וואָס רעדט איר, ר' טרייטל,
ווי איך בין אַ טייטל,
איך הייב אייך נישט אָן צו פאַרשטיין!
ווי קענט איר דאָ בלייבן אַליין?
זייט מוחל, ר' טרייטל, און הערט מיין געבעט:
פאַרלאָזט אייער חלום און גיט אים אַ גט!

# אַ וויזיע

נאָר דער רבי קען נישט הערן,
ווייל צוויי גרויסע מאָדנע בערן,
איינער שוואַרץ און איינער ווייס
גיבן פון דער לופט אַ שפּרייז,
פירן צווישן זיך אַ שטרייט און
שטעלן זיך ביי זיינע זייטן,
איינער רעכטס און איינער לינקס,
און דער רבי, ווי אַ ספינקס,
בלייבט פאַרגליווערט און פאַרדומעט,
ווערט פאַרוואָלקנט מיט אַן אומעט.

ער צעשיינט זיך אָבער, גיט זיך
אַ צעשמייכל און צעבליט זיך
ווי דער פּלוצעם פון אַ פרילינג,
ווען דער מאָדנער בערן-צווילינג
שושקעט אים פון ביידע זייטן,
ווייזט אים ווי עס קומט צורייטן
אַ פּרינצעסין, אַ שולמית,
שענער פון דער זון אין תמוז!
און ער זעט ווי אויף אַ קעמל,
איינגעפּאַסט ווי אין אַ רעמל,
אין אַ זיידן קלייד אַ בלויען,
זיצט די שענסטע פון די פרויען!

# צעטיילונג

מיט אַ „סקאַנדאַל קומט" אַ זיסן,
די שולמית צו באַגריסן,
עפנט־אויף דאָס מויל ר' טרייטל,
נאָר דאָס בליץ־געפּיסטע טייטל
כאַפּט־אַרויס די רייד פון מויל אים,
פאַר די אויגן פון דעם עולם,
איידער נאָך מען קען זיי הערן.

ביי דעם רבין שוויצט דער שטערן.
אָבער־ווידער פּרואווט ער שרייען,
נאָר דאָס טייטל כהרף־עין
כאַפּט־אַרויס פון מויל די רייד אים;
און די קינדער, ווי די שדים,
טאַנצן־אונטער פון די ערטער,
שלינגען־איין דעם רבינס ווערטער.

ווערט דער רבי אויסער זיך,
שפּרינגט־אַרויס פון זיינע שיך,
פליט־אַרויס פון זיינע כלים,
און דער פלי גיט אַ צעטייל אים
און אַזאַ מין שטאַרקן דריי —
אַז פון איינעם ווערט ער צוויי.

# ווער איז ווער

אַ צעשפּאָלטענער אויף צווייען,
הייבט דער רבי אָן זיך דרייען,
אַ צעטראָגענער און ווילד,
טאַקע נאָר ווי ווען דאָס בילד,
וואָס אַ מענטש זעט אין אַ שפּיגל,
זאָל אַ שוועב טאָן ווי אויף פליגל,
צו דער גלאַטקייט זיך אַ שאַר טאָן
און זי גרינג אַזוי אַ שפּאַר טאָן,
איינס און צוויי די פלאַך צעשטויסן
און אַרויס צו אים אין דרויסן.

אָפּגעדרייט זיך ווי אַ דריידל,
שטייען ביידע שטיל און איידל
— טרייטל איינס און טרייטל צוויי —
און ביי יעדערן פון זיי
אויפן פּנים שוועבט אַ „נו,
איך בין איך און ווער ביסטו?"

אויך די קינדערלעך דעם טייטלס
קוקן אויף די צוויי ר' טרייטלס
— און באַנעמען איז זיי שווער —
וואָס איז וואָס און ווער איז ווער.

רואיק אָבער מן־הסתם איז
די פּרינצעסין, די שולמית,
ווייל זי זיצט אַזוי באַ'חנ'ט,
ווי מען וואָלט זי נישט געמיינט.

בלויז דאָס טייטל ביז דער דיך
שטייט פאַרטראַכט, פאַרטיפט אין זיך,
און ער הערט נישט אויף צו קלערן.

פלוצעס גיבן ביידע בערן
פון די ערטער זיך אַ ריס,
נעמען טופּען מיט די פיס,
רעווען, טומלען ווילד און ווילדער,
און עס ווערט אַזאַ געפילדער
נישט צום הערן, נישט צום זען...

און איידער וואָס און איידער ווען,
רייסט די לופט אַ שופר־שאַל
און דער פאָרהאַנג גיט אַ פאַל.

אינטערמעצאָ

# דער אמתדיקער מזמור

**נאַראַטאָר**

אָט די שטורעמדיקע סצענע,
ווען אַפילו ס'וואָלט געווען אַ
ווינט די פעדער זיינע טרייבן,
וואָלט דער דיכטער נישט געווען געקענט באַשרייבן,
ווען ער גיט זי נישט אַ טונק אין
די צעברויזטע חלום־פונקען,
וואָס אַ שטערן אַ צעגרינטער
האָט אַריינגעטאָן אים דעמאָלט אין דעם טינטער.

**צווישנרוף**

צוויי מלמדים — צוויי ר׳ טרייטלס —
קינדער צען און פיר, דעם טייטלס,
בערן צוויי און אַ שולמית —
וואָס זשע איז דאָס אַלץ מרמז ?

**נאַראַטאָר**

עס איז גלייכער און געזינטער
נישט צו טרעפן וואָס אין טינטער
האָט נאָך אָנגעגרייט דער שטערן
— און דער מזמור וועט באַשערן

ווייל דער אמתדיקער מזמור
איז געווען, וועט זיין און איז מער
באַלעבאָס אין מויל פון שעפער
ווי דאָס בלינדע פערד, דער טרעפער.

און דעריבער לאָמיר טאַקע,
נאָך דער קורצער דממה־דקה,
מער נישט הייען און נישט האַרן,
נאָר דעם פאָרהאַנג גיך פאַרשאַרן —
די מחיצה אָפּטאָן פון דער
חלום־בינע׳ס גרינע וואונדער
און אַ קוק טאָן וואָס געשען עס
וועט אין ווייטערדיקע סצענעס;
אויסגעפינען וואָס עס טוט דאָרט
דער מלמד, וואָס צערודערט
פון זיין חלום איצטער שטייט ער
אַ צערייצטער און צעצווייטער.

צווייטער אַקט

# צוריק אין חלום

### פּראָצעסיע

בשעת עס רוקט זיך דער פֿאַרהאַנג אַוועק,
הערט מען אַ קול און ווי עמעצער פֿרעגט:
— און ווען איז די חופּה?... וואָס וואַרט מען?... ס׳ווערט שפּעט! —
און עמעצער ענטפֿערט: — פֿאַרגעסט נישט דעם גט!

עס לויפֿט־אָן פֿאַרשמייעט אַ ייִד מיט אַ שופֿר,
און נאָך אים גייט איינער, מסתּמא אַ סופֿר:
מ׳זעט עס דערפֿון ווי געלאַסן ער שפּאַנט.
צוויי לענגלעכע פֿאַרמעטן האַלט ער אין האַנט.
די אויגן פֿאַרזשמורעט, זיין פּנים איז זויער.
אַ פֿעדער אַ גענדזענע הינטערן אויער
האַלט זיך ביי אים ווי אויף ניסים און זיצט
ווי עפּעס אַ פֿייגעלע שאַרף און פֿאַרשפּיצט.

עס ציט זיך דערנאָך אַ פּראָצעסיע לאַנג
מיט פֿרעכן געלעכטער און ווילדן געזאַנג
פֿון מאָדנעסטע ברואים — האַלב־מענטש און האַלב־חיה.
נאָר אָט ווי, ניט דאָ געדאַכט, אויף אַ לוויה,
דערהערט זיך אַ דין אַזאַ, איידל געוויין,
וואָס שפּיזלט דאָס לייב און קען רירן אַ שטיין.

— ווער וויינט עס, — פרעגט איינער, — די קלאָג וואָס מיר הערן?
און וואָס איז דער מיין פון די דאָזיקע טרערן,
וואָס עמעצער וויינט אַזוי ביטער און קלאָגט? —
און באַלד עס דערהערט זיך אַ בת־קול וואָס זאָגט:
— דאָס וויינט דער מזבח, טוט טרערן פאַרגיסן
אויף לעבנס פאַראייניסטע וואָס ווערן צעריסן.*)

דער ייד מיטן שופר גיט ווידער אַ שאַל,
און ווידער ווערט פינצטער. מ׳זעט בלויז אַ שטראַל,
וואָס פאַלט אויף אַ טיש און אויף דריי שיינע לייט —
איינער אין מיטן און צוויי ביי דער זייט.

זיי קוקן אַריין אין אַ ספר אַ דיקן
און מישן די בלעטער אַהין און צוריק און
עס זעט אויס אַז דאָס וואָס זיי ווילן דערטאַפּן
דרייט זיך אַרום און עס לאָזט זיך נישט כאַפּן.

אינדעם גיט דער שטראַל זיך אַ ריר, און זיין שיין
באַווייזט אונדז פיר יונגען, וואָס קומען אַריין
און טראָגן אויף דראָנגען, נאָקשטאַלט פון אַ „ן״,
אַ חופה וואָס פלאַקערט אַזוי ווי אַ זון.

ביים טיש פון דעם דריילינג — די דריי שיינע לייט —
ווערט פלוצעם פאַרטונקלט, פאַרלאָשן דער שטרייט:
זיי מישן שוין מער נישט די בלעטער פון בוך און
זיי האָבן געפונען, ווייזט אויס, וואָס זיי זוכן.

*) דא״ר אלעזר כל המגרש אשתו ראשונה אפילו מזבח מוריד עליו דמעות (גיטין צ).

# דער בדחן

די שטילקייט וואָס הויערט אויף אַלץ ווי אַ נעפּל,
ווערט איבערגעריסן פון עפּעס אַ פּרעפּל,
וואָס מאַכט אין דער שטילקייט אַלץ גרעסערע לעכער.
עס קומט אַ פאַרשווינדל אַריין מיט אַ בעכער,
פאַרנייגט זיך גאַלאַנט פאַר דעם עולם און מאַכט:

— איך טרינק איצט אַ טאָסט צו דער נעכטיקער נאַכט,
וואָס האָט אונדז דעם היינטיקן טאָג־זון געבוירן.
ס'איז ממש אַ גליק וואָס זי האָט נישט פאַרלוירן,
נישט מפּיל־געווען מיט אַזאַ מין אַנטיק,
וואָס האָט אונדז אַהערצו געבראַכט אויף דער בריק
פון חלום, ר' טרייטלס, און האָט אונדז געגעבן
אַן אָרט וואו געבוירן צו ווערן און לעבן.

— גענוג שוין גע'בדחנ'ט! גענוג מיט דעם קוואַטש! —
גיט איינער פון דריילינג ביים טיש אַזאַ פּאַטש,
עס נעמען די ווענט פון דעם חלום אַזש בליצן.
— באַהאַלט זיי אויף שפּעטער די גראַמען און וויצן!
עס גליטשט זיך דער טאָג און עס קען ווערן שפּעט
פאַרן גט!... פאַרן גט!... פאַרן גט!... פאַרן גט!...

דער בדחן פאַר׳עקשנ׳ט זיך, פּרואווט זיך נאָך דינגען,
ער האָט, זאָגט ער, נאָך דאָ צו זאָגן און זינגען:
אַ שלום-עליכם, וואָס מתוק מדבש איז,
און שאַרפע תירוצים אויף אַלערליי קשיות;
גראַמען ווי לעמער און גראַמען ווי וועלף
פון אומעט וואָס וויינט אין די שורות די צוועלף;
נאָר שענער ביי אים און די בעסטע פון אַלע
עס זיינען די גראַמען פאַר חתן און כלה.

## צום גט

עס האָט אָבער קיינער פאַר אים שוין קיין אויער,
ווייל פּלוצעם עס גיט זיך אַן עפן אַ טויער,
עס קומט-אַן ר׳ טרייטל*) און שווייגט ווי אַ פיש
און גייט-צו פּאַמעלעך צום דריילינג ביים טיש,
פאַרנייגט זיך און שטעלט זיך אַוועק ווי אַ פלאָקן.
זיין פּנים איז בלייך, ער איז איבערגעשראָקן,
דערשלאָגן און גאָרנישט דער אייגענער אָדם,
פאַרצאָגט ווי אַן איבערגעריסענער פאָדעם.

נאָר וואָס איז דאָס חידוש, איר ווייסט דאָך ווי שווער איז
זיין ביטערער מצב אַצינדער, ווייל ער איז
בלויז איינער פון צוויי וואָס געווען זיינען איינער,
און איינער, ווי זאָגט מען עס, איינער איז קיינער.

*) ר׳ טרייטל דער 1טער.

תיכף דערנאָך קומט אַריין אויך דאָס טייטל,
און, פּונקט ווי געטאָן האָט עס פֿריער ר׳ טרייטל,
ער גייט־צו צום טיש פֿון די דריי שיינע לייט.
ער זאָגט נישט קיין וואָרט, איז פּאַרקוקט אין דער ווייט,
און אַ קוים־קוימיק שמייכעלע קרימט זיינע ליפּן.

עס קומען אַריין אויך און טענצלען און היפּן
די בערן, וואָס האָבן איצט שלום געמאַכט
און האָבן געאָרעמט דעם טאָג מיט דער נאַכט.

און האַרט הינטער זיי, מיט אַ שירעם אַ בלויען
און איבערן קאָפּ מיט אַ דעקטוך אַ גרויען,
עס טריטלט אַ אשה, אַ קליינע, אַ דאַרע,
און איבער איר טראָגט זיך אַ פֿינצטערע כמאַרע,
וואָס גיכערט און דרייט זיך,
ווערט ברייטער און שפּרייט זיך,
שלינגט ווי אַ שלאַנג און גיט פּלוצעם אַ קראַך.
עס דונערט און בליצט און עס הייבט זיך דער דאַך,
און אַ רעגן, אַ מבול, נעמט פּלייצן און גיסן...

די סצענע פֿאַרלעשט זיך, ווערט איבערגעריסן.

אינטערלוד

# די קאַפּריזנע העלדן

**נאַראַטאָר**

עס האָט מיך דער דיכטער געבעטן צו מעלדן,
דעריבער דערקלער איך,
אַז זיינע קאַפּריזנע געוואָרענע העלדן
האָבן אַן אייגענעם דרך.

אָט גייען זיי, דאַכט זיך, אין שפּאַן כדבעי
און לאָזן זיך פירן,
נאָר פּלוצעם פאַרלירט ער אויף זיי די השפּעה:
זיי ווילן פון אָרט זיך נישט רירן.

נאָך שווערער עס ווערט אים (און אפשר גאָר גרינגער?)
אין פּינטל צו צילן,
ווען זיי נעמען פייפן און ווילן דער זינגער
זאָל טאַנצן צום ליד וואָס זיי שפּילן.

אָט האָבן זיי נאַרוואָס דעם פאָרהאַנג פאַרצויגן
אין מיטן דערינען,
ווען ס'איז שוין דער סיפור־המעשה געפלויגן
די טיר פון זיין סוף צו געפינען.

### צווישנרוף

דער חלום איז לענגער שוין באַלד ווי די נאַכט,
מיר ווערן צעשפּרונגען! *)
ווען ער **) וואָלט אַ ביסעלע שנעלער געטראַכט,
ער וואָלט זיי באַצוואונגען!

### נאָך אַ צווישנרוף

און מיך, זעט איר, אַרט נישט, פֿאַרקערט, ס׳איז נאָך בעסער
ווען לענגער דער חלום איז, ברייטער און גרעסער.
אַ חלום איז פּונקט ווי אַ חתונה־אָוונט —
זיין סוף, פֿאַר די געסט, איז דער אמת, וואָס לבֿנ׳ט
און שיילט־אָפּ די פֿאַרביקע פּרייד און מאַכט ניכטער...
טאָ זאָל ער דעריבער נישט איילן, דיין דיכטער!

### נאַראַטאָר

איר זיינט אפשר ביידע גערעכט, נאָר אַנטשולדיקט,
כ׳האָב מער נישט קיין רייד.
דערווייל מוזט איר מוחל זיין, וואַרטן געדולדיק...
מיר דאַכט זיך, אַז עמעצער גייט.

*) פון נייגער.
**) דער דיכטער.

## דריטער אַקט

# צום דריטן מאָל אין חלום

### ר׳ טרייטל דער 2טער

באַלד ווי דער שופר־שאַל גיט אַ באַפעל אים,
גיט זיך דער פאָרהאַנג אַ הייב און ווערט נעלם
און דעקט־אָפּ די בינע, וואָס ווייזט אַז געבליבן
איז יעדער, ווי מיר האָבן פריער באַשריבן;
געבליבן פאַרגליווערטע שטיין אויף די ערטער,
און יעדער פאַרשווין מיט אַ מינע פאַרקלערטער.

דערווייל קומט אַריין, מיט אַ גרויסן לאַמטערן,
ר׳ טרייטל דער 2טער, און אָט וואָס מיר הערן:

העלפט מיר, העלפט מיר זיך צו זוכן,
איך גיי אַראָפּ פון זינען —
כ׳האָב זיך ערגעץ־וואו פאַרלוירן
און קען זיך נישט געפינען.

איך זוך און זוך און נישטער און דער
קאָפּ ווערט מיר צענומען,
ווייל איך ווייס נישט ווען און וואו איך
בין אַהינגעקומען.

אַיי, ווען איך זאָל איצטער האָבן
דאָ ביי זיך מיין טייטל,
וואָלט עס מיר געוויס געוויזן
וואו עס איז ר׳ טרייטל! *)

*) ר׳ טרייטל דער 1טער.

# צו דער חופּה

ווי דאָס טייטל מיט די בערן
טוען אַט דאָס קלאָג־ליד הערן,
האַלטן זיי, ווייזט אויס, אַז ס'איז שוין
צייטיק זיך אַריינצומישן
און באַווייזן יעדן איינעם
— סיי דעם עולם, סיי די שכנים —
אַז זיי זיינען נישט אַבי ווער.

רייסן זיי זיך אָפּ פון גליווער,
לויפן־צו צום רבין, זאָגן:
— רבי! שוין גענוג צו קלאָגן!

אויף אַ וואונק פון טייטל, ווערן
אונטערפירערס ביידע בערן,
פירן טרייטלען צו דער חופּה.

און ווען טייטל גיט אַ טופּע
און אַ שפּרונג אַזש צו דער סטעליע,
קומט אַריין אויך אַ קאַפּעליע.

אויך דער בדחן קומט צולויפן
און נעמט טומלען אויף זיין אופן
מיט די גראַמען פון זיין טייסטער.

און ר' עליע קאַפּעלמייסטער
אויף זיין פידל שפּילט אים צו:
— טו אַזוי... אַזוי־אַ טו.
טו... אַ טו... אַ טו... אַ טו,
טו אַזוי... אַזוי־אַ טו.

# דעם בדחנס לידל

— יאָ, איך טו ווי איך געפעלט,
יאָ, איך טו, ר׳ עליע! —
זאָגט דער בדחן און ער שטעלט,
שטעלט־פאַר די קאַפּעליע:

דריי קלעזמאָרים זיינען זיי —
אַ פלייט, אַ פּויק, אַ פידל;
צו דער חופּה פירן זיי
אַ יידל מיט אַ לידל.

ס׳איז דאָס לידל זייער אַלט,
נאָר ווערט נישט קיינמאָל נמאס,
און אַ פרייד פון דעם עס שטראַלט
אַ זיסע ווי אַ צימעס.

ס׳איז דער וועג אַהין נישט ווייט,
אָבער אויסגעצויגן,
ווי אַ וואָרעם קריכט די צייט
צו דעם רעגנבויגן.

שפּילט זשע, קלעזמער, שפּילט דאָס ליד
אַ ביסל גיכער, הייסער —
צו דער חופּה גייט דער ייד
ווי צום טראָן אַ קייסער.

אונטער דער חופּה מיט אַט דעם געזאַנג,
זיי לאָזן ר׳ טרייטלען פאַרטיפט אין געדאַנק,
און גייען באַגעגענען, ברענגען אַהער
די כלה, די כלה, זיין האַרצנס באַגער,
וואָס ס׳האָט אים איר שיינקייט פאַרשיכורט ווי וויין
און איצט אים פאַרצויבערט אין חלום אַריין.

שטייט ער אַזוי און ער קוקט אין דער ווייט,
און עס געשעט מיט אים קפיצת-ה׳צייט,
זיין פּנים שטראַלט-אויף מיט אַ ליכט אַ ניט-היגן,
ער עפנט דאָס מויל און ער זאָגט מיט אַ ניגון:

# שיר השירים

שיר השירים אשר ל׳טרייטל
זינגט אַצינד דער זון פון ר׳ פייטל
מיט אַ פרישן קול אַ נייעם
צו זיין זיווג מן השמים.

אָנגעצונדן האָט זי אין אים
יענעם ערשטן פלאַם דעם גרינעם,
יענעם ערשטן שטראַל פון גלויבן,
וואָס האָט אים פון שטויב דערהויבן.

אויפגעבונדן האָט איר שיינקייט
אין זיין הארצן די אַליינקייט,
ווערטער־פעדעם אים געגעבן
מיט דער וועלט זיך צו פאַרוועבן.

און אַ נייעם רעגנבויגן
האָט דאָס ליכט פון אירע אויגן
אויף זיין הימל אויסגעמאָלן
איבער אַלע בערג און טאָלן.

נאָר ער האָט זי אָנגעוואוירן,
גייט ער אום אַזוי פאַרלוירן
און אַן אומעטיקער תם איז —
אָן זיין ליכטיקער שולמית.

איצטער, אין דער וואָר פון דרימל,
אויסגעלייטערט ווערט זיין הימל...
שאַ! אים דאַכט, ער טוט שוין הערן
דאָס געזאַנג פון מאָרגנשטערן!

# די חופּה

ווי נאָר עס ענדיקט זיין זינגען ר׳ טרייטל,
עס קומט־אָן מיט חשובן טראַט אונדזער טייטל;
און נאָך אים די בערן, די צוויי עניגמאַלע,
פירן די בלויע פּרינצעסין, די כלה.

עס גייט אויך דער בדחן, דער שטערן פאַר׳מח׳ט,
(און אפשר איז ער גאָר אַ ביסל פאַר׳נח׳ט),
ער גייט און ער שווייגט און ער טראַכט מן־הסתם
פון עפּעס אַ וואָרט, וואָס ער שדכנ׳ט אַ גראַם.

נאָר דאָ גיט דער קלעזמער, דער פידלער ר׳ עליע,
אַ וואונק מיט אַן אויג, און די גאַנצע קאַפּעליע
נעמט שפּילן אַ חתונה־מאַרש פאַר דער גרופּע,
און... אָט איז די כלה שוין אונטער דער חופּה.

דאָס טייטל ווערט טעטיק ווי אַ דיריגענט,
גיט יעדן סימנים און מאַכט מיט די הענט.

מען פירט אַרום חתן די כלה, מען דרייט זי;
דער חתן, אין האַרצן, גייט נאָך און באַגלייט זי
ביז סודות פון אונטער די פוסטריט דערהערט ער.

דער בדחן פאַרענדערט זיך פּלוצעם און ווערט אַ
מסדר קידושין, און נישט אויף אַ שפּאַס,
און זינגט שוין די ברכות כדין וכדת.

# אַ זון מיט אַ רעגן

און פונקט ווי אויף דער זייט איז שמחה-וששון
מיט אייביקן בונד וואָס עס ווערט דאָ געשלאָסן,
אַזוי איז די צווייטע פּאַרזונקען אין טרויער
פון אייביקן בונד וואָס פאַרלירט איצט זיין דויער.

דער סופר האָט נאָרוואָס פאַרענדיקט דאָס שרייבן,
אַז טרייטל בן פּיטל וויל איצטער פאַרטרייבן
זיין אשה, די רביצן, שיינע בת שעיה.

ער האָט, זאָגט ער, גאָרנישט צו איר, נאָר אַ נייע,
אַ שענערע, האָט ער געפונען אין חלום,
און מעג איצט, לויט רבי עקיבא׳ס משלים, *)
זיך גטן און נעמען אַ נייע דעריבער,
ווייל אָן איר, דער נייער, דער טויט איז אים ליבער.

די רביצן ווערט זיך נישט און מיט אַ ציטער
זי גיט איר הסכמה, איז גרייט צום צעשפּליטער.

אַ ווײַלע איז שטיל אַזוי, שטיל... נאָר אַ זיפץ
רייסט זיך אַרויס, ווען דעם סופר׳ס געשריפטס
לאָזט זיך אַראָפּ ווי דער פאַך פון אַ שווערד.

און באַלד, אין דער אייגענער רגע, מען הערט
עס שפּילט די קאַפּעליע, דער בדחן טוט זינגען,
די פיס פון אַ מזל-טוב טאַנצן און שפּרינגען.

*) רבי עקיבא אומר אפילו מצא אחרת נאה הימנה (גיטין ט).

# דער פייערדיקער טאַנץ

טרייטל דער 1טער, וואָס שטייט אַ צעשיידטער
פון שיינע בת שעיה, און טרייטל דער 2טער,
וואָס שטייט ביי דער זייט פון דער בלויער פרינצעסין,
קוקן זיך אָן ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן
און ווילן זיך עפּעס דערמאָנען, נאָר שווער איז
צו וויסן אַצינדער ווער ער און ווער דער איז.

ביסלעכוויז נעמען די טרייטלס זיך רוקן,
איינער אַנטקעגן דעם צווייטן זיך בוקן
אַהין און צוריק מיט די פרויען אין איינעם.

דאָס פידעלע שפּילט אַזאַ ניגון אַ ריינעם,
וואָס הייבט זיך און פאַלט און דערציילט און דערציילט:
ניטאָ אַזאַ רים, וואָס קען ווערן פאַרהיילט.

און וואָס-מער דער ניגון ווערט טיפער, פאַרקלערטער,
פאַרלאָזן די אַנדערע העלדן די ערטער
פאַמעלעך אַזוי, ווי מען טרעט אויף אַ סוד,
און קומען-צו נענטער און מאַכן אַ ראָד
אַרום די צוויי פּאָרלעך אַזוי ווי אַ קראַנץ,
און לאָזן פאַנאַנדער די פיס אין אַ טאַנץ,
וואָס דרייט זיך און דרייט זיך און דרייט זיך און דרייט
צום טאַקט פון דעם פידל, פון פויק און פון פלייט.

דער טאַנץ איז אַ ווילדער, אַ הייסער, און ברענט
און שאָקלט די סטעליע, דעם דיל און די ווענט.
געוויין און געלעכטער — אַ זון מיט אַ רעגן —
טאַנצן זיך איינער דעם צווייטן אַנטקעגן,
אין מיטן דעם רעדל, און מישן זיך אויס
און ווערן אין שטורעם אַ פלאַמיקע רויז.

## נאָך דעם קאַראַהאָד

נאָר פּלוצעם דאָס דרייען פון שטורעם פאַרהאַלט זיך,
די ראָד פון די טענצער בלייבט שטיין און צעפאַלט זיך,
און מיר דערזעען פאַר אונדזערע אויגן
עס שטייט דער מלמד ר׳ טרייטל געבויגן
און איבער די באַקן עס רינען אים טרערן.

נישטאָ מער די קלעזמער, דער בדחן, די בערן;
נישטאָ די פּרינצעסין שולמית — די כלה;
עס פעלן אויך טרייטל דער 2טער און אַלע
כלי־קודש, דיינים און יונגען געטרייע;
נישטאָ אויך די רביצן שיינע בת שעיה;
נישטאָ פון זיי אַלע קיין איינער אַצינדער.

אַנשטאָט זיי עס שטייען דאָס טייטל, די קינדער,
באַטראַכטן דעם רבין מיט גינציקע בליקן.

כדי זיין פאַר׳חלש׳ט געמיט אים דערקוויקן
און איינשטילן אים דאָס צעשטורעמטע האַרץ,
זינגט אים דאָס טייטל אַ לידל אַ צאַרטס;
ער זינגט און ער קוקט מיט די אויגן אַרונטער,
דאָס זעלבע די קינדער, וואָס העלפן אים אונטער:

# חלום עליכם *)

חלום עליכם, עליכם החלום,
רבי, מיר זאָגן אייך צו,
מיר טוען פאַרלאָזן אַצינד אייער חלום
און לאָזן אייך ווידער צורו.

זייט מוחל אונדז, רבי, מיר בעטן אייך איבער,
געווען איז אַ טעות אין דעם,
מיר זיינען געקומען, אוי רבינו ליבער,
געמיינט אַז איר זיינט אין אַ קלעם.

נאָר זיינט איר דען, רבי, (איך זאָג ניט, איך פרעג נאָר)
צי זיינט איר פון טאַדל דען פריי?
אין אייגענעם פרדס אַריינגיין מען מעג נאָר,
ווען קיינער נישטאָ איז דערביי.

איר אָבער, רבי, אַריין זיינט אין חלום,
ווען בליקן עם האָבן געבליצט,
נאָך גוט וואָס געענדיקט האָט אַלץ זיך בשלום;
דער חלום איז אייערער איצט.

חלום עליכם, עליכם החלום,
רבי, מיר זאָגן אייך צו,
מיר טוען פאַרלאָזן אַצינד אייער חלום
און לאָזן אייך ווידער צורו.

*) מיטן ניגון פון שלום עליכם.

# אָפּשייד

פאַרענדיקט דאָס לידל, זיי לאָזן זיך גיין,
נאָר דאָ גיט ר׳ טרייטל אַ שריי אַרויס: — ניין!
ס׳האָט אייער געזאַנג נישט פאַרלאָטעט מיין רו.
איך לאָז אייך נישט אָפּ ביז איר זאָגט מיר נישט צו
און יעדער פון אייך וועט נישט זאָגן ער שווערט,
אַז אַלץ וואָס ער האָט דאָ געזען און געהערט,
וועט ווערן פאַרגעסן ווי קיינמאָל געשען,
ווי איר וואָלט אין חלום דאָ כּלל נישט געווען.

שטייען זיי אַלע אַ ווײַלע און קלערן
און זאָגן: — מיר ווילן פאַרגעסן, מיר שווערן!
נאָר פריער מיר בעטן אייך, רביניו, אוי,
לערנט אונדז אויס ווי אַזוי, ווי אַזוי!

פאַרטראַכט זיך דער רבי און גלעט זיך די באָרד
און ענטפערט געלאַסן און זאָגט וואָרט אין וואָרט:

— אַ חלום פאַרגעסט זיך, פאַרלירט זיינע פליגל,
ווען נאָך אים דער חלומער קוקט אין אַ שפּיגל,
ווייל דאָס וואָס דער שפּיגל דערציילט אויף זיין שפּראַך,
איז אויך דאָך אַ חלום, אַ טרוים אויף דער וואָך,
און ס׳איז שוין די טבע אַזוי פון דער וועלט:
דער נייערער חלום דעם אַלטן פאַרשטעלט...
און איצטער... נו, גייט אייך שוין, גייט אייך לשלום
און נישט פאַרגעסט צו פאַרגעסן דעם חלום.

מיט אָט־אָ־די ווערטער און גלי אין זיין בליק
רוקט זיך ר׳ טרייטל אַוועק אויף צוריק
און ביסלעכווייז ווערט ער אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

דאָס טייטל, ווי ס׳וואָלט אים אַ בליץ אָנגעצונדן,
צעטאַנצט זיך און גיכערט און וואָרנט און רעדט:

— נו, גיכער! נו, גיכער! עס קען ווערן שפּעט!
מיר מוזן אַנטרינען, מיר מוזן אַרויס
איידער דער חלום פאַרלעשט זיך, ווערט אויס!...
אַהינצו! — ער ווייזט מיט אַ פינגער, און זיי
גיבן אַ יאָג זיך אַהין אין אַ ריי.

און... פונקט ווי עס עפנט דער רבי די אויגן,
זיצן די קינדער ביים טיש אָנגעבויגן
און קוקן אַריין אין די גרויסע סידורים,
וואו אותיות שווימען אַרום אין אַ שטורעם,
און אויפן טיש לעבן רבין ר׳ טרייטל
ליגט ווי אַ סטאַטיק דאָס פּיפּיקע טייטל.

עפילאָג

# אַ קשיא אויף אַ מעשה

## אַ ל ץ

תיכף דערנאָך נעמט דער פאַרהאַנג זיך זעצן;
נאָר דאָ צווישן עולם שטעלט-אויף זיך אַ לץ און
צעשרייט זיך און טומלט און זאָגט אַז ער וויל
מען זאָל אים פאַרענטפערן עפּעס פון שפּיל.

— אמת, — ער שרייט מיט באַנומענע קולות, —
די שפּיל איז אַ שיינע, דער ניגון גאָר וואויל איז,
די מעשה פאַרכאַפּט אונדז און האַלט אונדז געשפּאַנט,
האָט ערנסט און שפּאַס מיט אַ גאָר ברייטער האַנט;
עס גיבן די גראַמען זיך פריינדלעך אָפּ שלום;
הכלל, ס'איז אַ סעודה פון גוטע מאכלים.
נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך בין נישט קיין רש"י
און האָב אויף דער מעשה צו פרעגן אַ קשיא!

דער עולם ווערט נייגעריק, אַנדערע לאַכן,
די אויפפּאַסער ווילן דאָס מויל אים פאַרמאַכן,
נאָר ער זאָגט: — איך וועל זיך נישט רירן פון אָרט!
ס'האָט אייער פּאָעט נישט געהאַלטן קיין וואָרט!
אמת, ער האָט אונדז געזאָגט אַז אַ חלום
פירט זיך איינגאַנצן לויט אַנדערע כללים,
געזאָגט אַז דער מיין וואָס אין חלום טוט שטעקן,
וועט צווישן די שורות זיך מוזן אַנטפּלעקן,
איך אָבער זע נישט און קען נישט פאַרשטיין,
ווייל צופיל פאַרדעקט און פאַרשטעלט איז דער מיין!

### אַ צווייטער

— וואָס מיינט ער, אַ ליד קען גיין נאַקעט און באָרוועס? —
צעשרייט זיך אַ צווייטער. — אויב ס'איז אים נישט קלאָר וואָס,
און ער האָט אַ קשיא צו פרעגן, אַ שאלה,
טאָ זאָל ער אַ קנייטש טאָן דעם שטערן אַ ווײַלע.
אַ מיין, ליבער פריינד, קען דאָך זיין מער ווי איינער,
עס ווענדט זיך אין דעם וואָס עס ליגט אין די ביינער.
קיין פינגער אין מויל דאַרף מען קיינעם נישט לייגן,
ווייל יעדער געפינט שוין אַזוינס וואָס איז אייגן
און שרייבט דאָס אַריין אין זיין אייגענעם קוויטל.

### אַ דריטער

— וואָס וויל ער, דער לץ, און וואָס דרייט ער אַ היטל? —
צעשרייט זיך אַ דריטער. — וואָס וויל ער? וואָס קוועלט אים?
ער זאָגט דאָך אַליין אַז די מעשה געפעלט אים,
איז דאָס דאָך אַליין שוין אַ קנין אַ גרויסער,
און, ווי וואָלט דער רבי געזאָגט, די־והותר.

דער לץ אָבער לאָזט זיך נישט, שרייט אַז ער וועט
פון זאָל נישט אַרוים ביז עס וועט דער פּאָעט
נישט קומען און דאָ אויף דער בינע דערקלערן
כאָטש וואָס ער איז אויסן געוועזן מיט די בערן!

### פּ אָ ם

— פאַרוואָס נאָר די בערן? — עס פרעגט מיט אַ באַס
אַ פעטער פאַרשוין, וואָס זעט אויס ווי אַ פּאָס.
— זאָל ער שוין זאָגן אויך ווער די מאַדאַם איז,
ווי הייסט זי דאָרט? ... יאָ ... די פרינצעסין שולמית!

### סמיטשיק

— אַז ס׳האַלט שוין דערביי, — רופט זיך אָפּ מיט אַ קוויטשיק
אַ ספּריטנע פֿאַרשווינדל און דאַר ווי אַ סמיטשיק,
עס וואָלט אויך געווען כדאי דער פּראָפֿעסער
זאָל זאָגן וואוהין איז אַריין, ווי אין וואַסער,
דער צווייטער מלמד, דער צווייטער ר׳ טרייטל!...
און ווי איז דאָס מעגלעך, אַז עפּעס אַ טייטל,
אַ גאָרנישט, זאָל ווערן אַ מר בר רב אַשי?
דאָס איז דאָך אויכעט אַן אייזערנע קשיא!

### ד אַ מ ע

— און איך ווידער, — זאָגט מיט אַ שמייכל אַ זיסן
אַ פּראַקטישע דאַמע, — איך חלש צו וויסן
פֿאַרוואָס האָט דער חשובער שרייבער, דער אַוטאָר,
וואָס האָט, ווי איר הערט דאָ, זיך איינגעקויפֿט מפֿטיר
מיט עפּעס אַ מעשה... אַ חדר, אַ טייטל,
און אַ צעדרייטן מלמד ר׳ טרייטל...
פֿאַרשווענדט אַזאַ שיינע און טייערע שפּראַך
אויף עפּעס, ווי זאָגט מען, אַ קו אויפֿן דאַך?

### קאַמזויל

— אָט־אָ, מיינע רייד! — גיט אַ שאָס מיטן מויל
אַ בחור וואָס גליט אין אַ רויטער קאַמזויל.
— איך טענה שוין לאַנג, אַז די יידישע שרייבער
שטעקן נאָך אַלץ אין דעם אַלטן „וידבר”
פֿון חדר, מלמד און ענלעכע לייט
און ווילן נישט הערן דעם רוף פֿון דער צייט...
אַנשטאָט צו באַדינען די מענטשהייט, דעם ריז,
עס ליגט זיי אין קאָפּ גאָר דעם יחיד׳ס קאַפּריז!

## איינער

— וואָס איז דאָ, אַ סדר ?... וואָס טוט זיך דאָ, מענטשן !
ביים סוף פון אַ סדר מען דאַרף דאָך גאָר בענטשן
און זינגען חד־גדיא, ווי ס׳פּירט זיך ביי לייטן ! —
פּרואווט איינער, וואָס זיצט אין אַ ווינקל פון ווייטן,
באַזינען דעם עולם, פאַרשפּאַרן דעם שטורעם
פון קשיות און טענות און הארבע דיבורים.

## אַ ווייינער

די רייד זיינע הערט אָבער מערער נישט קיינער,
פּונקט ווי מען הערט נישט ווי ס׳כליפּעט אַ וויינער :
— איך האָב דאָ פאַרלוירן אַ ריזיק פאַרמעגן !
אויך איך האָב געהאַט דאָ אַ קשיא צו פרעגן,
נאָר האָב זי אין שרעקלעכן טומל פאַרגעסן !

## אַ ייד

אַ ייד וואָס איז שטיל און געדולדיק געזעסן,
געמיטלעך געשמייכלט, באַטראַכט דעם ספּעקטאַקל,
שטרעקט אוים זיינע הענט, ווי ער וואָלט אַ סך־הכל
געמאַכט פון דעם אַלעם וואָס ער האָט געהערט.
ער גלעט זיך די באָרד ווי ער וואָלט נאָך געקלערט,
און סוף־כל־סוף הייבט ער זיך אויף מיט אַ קוק,
וואָס וואָרנט דעם עולם : — רבותי, גענוג !

דער טומל ווערט אויסגעוועפּט און אין דער שטילקייט
טראָגט זיך די קלוגע און וואַרעמע פילקייט
פון קלאַנגען אין קול פון דעם ייד מיט דער באָרד —
אַ קול פון אַ טאַטן און לערער געפּאָרט :

— אַוודאי, — ער זאָגט, — קען מען חקירה'ן און טײַטשן
און טרײַבן די בערן, ר' טרײַטלס, מיט בײַטשן,
אַז זיי זאָלן טאַנצן און קלאָר אונדז באַווײַזן,
אַז אײנער פון זיי איז דער יצר פון גרײַזן,
דער צווייטער — דער יצר פון גוטע באַגערן.
צי קענען מיר אָבער דערקענען די בערן
און וויסן גענוי וועך איז וועך פון זיי ביידן,
ווען יעדער פון זיי טוט אין האַרץ ביי אונדז ריידן,
אַז ער, נישט דער צווייטער, דער ריכטיקער גראַם איז
צום חלום פון אונדזער באַגערטער שולמית?

— דער ענטפער אויף דעם, מײַנע פרײַנד, איז אַ ניין,
אַ ניין מיט אַ ספּאָדיק, וואָס ווײַזט אונדז די צײַן
און שמייכלט אויף אונדזערע בידנע השגות.
דעריבער איך זאָג אײַך, און זאָגן איך זאָג עס,
כדי אײַך צו לערנען איר זאָלט נישט דערלאָזן
עס זאָל אײַך דער ספּאָדיק פאַרוואַנדלען אין האָזן.

— ווײַל וואָס ס'זאָל דער דיכטער נישט האָבן געמיינט,
ווען ער האָט פאַר אונדז דאָ געלאַכט און געוויינט,
איז ריכטיק אַוודאי, ווי מ'האָט אים געבאָטן.
פונדעסטוועגן וויל איך אַצינדער אײַך ראָטן
(ווי עמעצער פריער געזאָגט האָט דעם זאָג שוין),
עס מיינט נאָך נישט דווקא ס'איז אַלץ תורת-לאָקשן.

— דער מיין פון אַ ווערק ליגט אין יעדן באַזונדער,
און דאָס איז דער וואונדער! און דאָס איז דער וואונדער!

# אַ ליד צו דעם מיין

(זינגט מיטן ניגון פון שלום־עליכם)

און איצט לאָמיר אַלע אין איינעם, אין איינעם
זינגען אַ ליד צו דעם מיין,
און האָט נישט קיין מורא פאַר קיינעם, פאַר קיינעם
צו האָבן אַן אייגן פאַרשטיין.

ס׳האָט יעדער ר׳ טרייטל אַ צווייטן ר׳ טרייטל,
צוויי בערן אין זיך און אַ טרוים,
נאָר יעדערער איינער פאַרמאָגט אויך אַ טייטל,
וואָס האַלט זיי כסדר אין צוים.

חלום עליכם, ס׳איז שטענדיק דער חלום
ווי יעדער באַזונדער פאַרשטייט,
די וועלט איז אַ חלום
מיט טיפע משלים,
אַ קשיא וואָס זוכט אַ באַשייד.

חלום עליכם, עליכם החלום,
טיף איז דער חלום און גרויס,
די וועלט איז אַ חלום
מיט טיפע משלים,
אַ מעשה וואָס לאָזט זיך נישט אויס.

יאַנואַר־יוני 1956